ישעיהו שפיגל

# און געוואָרן איז ליכט

(לידער)

פ א ר ל א ג „י ד י ש - ב ו ך"

ווארשע 1949 לאדזש

# אריינפיר־וואָרט

דאָס בוך לידער, וואָס איך טראָג צו דעם יידישן לייענער, איז אנטשטאַנען אין משך פון די לעצטע צען יאָר 1940—1949, וועלכע שליסן איין אין זיך דאָס טרערנפולסטע און פיינפולסטע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די יידן אין אייראָפּע.

זיי הייבן זיך אָן מיט דעם איבערפאַל פון די היטלער־האָרדעס אויף פוילן, גייען דורך די פינף יאָר פון אַפּגרונטיקן געטאָ און פאַרענדיקן זיך מיטן אויפקום פון נייעם באַפרייטן פאָלקס־פוילן.

אין אנהויב פון די טרויעריקע יאָרן איז פאַרשניטן געוואָרן דער לעבעדיקסטער און שענסטער קולטור־יישוב פון יידישן פאָלק — דאָס אמאָליקע יידיש־פוילן — מיט זיינע אלע גייסטיקע אוצרות, וואָס זיינען מיט אַזוי פיל מי און קרבנות דורך א סך דורות געשאַפן געוואָרן אויף דער פוילישער ערד. אָבער צום סוף פון דעם צייט־אָפּשניט איז אויך געשען דאָס גרעסטע וווּנדער: די גייסטיקע און פיזישע ווידערגעבורט פון אָפּגעראַטעוועטן יידישן מענטשן נאָכן חורבן.

גיהנומדיק שווער איז די פאַרגאַנגענע תקופה געווען פאַרן יידישן דיכטער. די שטענדיקע אַטמאָספער פון שרעק, הונגער און טויט זיינען נישט קיין קלימאַט פאַר גייסטיק שאַפן. עס האָט זיך געפאָדערט א סך גבורה, טיילמאָל איבערמענטשלעכע כוחות, בכדי נישט ארויסצולאָזן די פען פון דער פאַרהונגערטער און דערשראָקענער האַנט. פון דאַנען אָפטמאָל דער מינאָרער, האָפענונגסלאָזער טאָן, מיט וועלכן עס זיינען דורכגעדרונגען מיינע לידער געשריבענע אין געטאָ, ווי אויך דער טיפער טרויער פון עטלעכע, געשריבענע שוין נאָך דער באַפרייונג, נאָר אַלץ נאָך אונטער דער שווערער ווירקונג פון דער גרויליקער תקופה.

די ליטעראַטור ביי אונדז יידן און אויך ביי די אַנדערע פעלקער וועט נאָר לאַנג מוזן זוכן די פאָרם און דעם אינהאַלט, בכדי קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן די פאַרגאַנגענע תקופה. פיל פון אונדזערע שרייבער האָבן עס שוין געטאָן. איך האָב עס אויך געפּרווט אין מיין פּראָזע. צו וואַקסט אָבער דער

שטאָף פון דער דאָזיקער יידישער דראַמע נישט ווייט אַריבער די נאָרמאַלע אויפנעמבארקייט פונעם שרייבערס חושים?

די גרויל־יאָרן האָבן יעדן יידישן דיכטער געמוזט פאַרוואַנדלען אין א ירמיהו. אזא איז ס'געזעץ פון דיכטונג. אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן וועט אין די אָדערן פון יעדן יידישן שרייבער זידן דאָס בלוט מיט שנאה צו די פעלקער־מערדער. ער וועט נישט אָפּשטיין פון זוכן דעם וועג, כדי דורכן אָפּקלייב פון פילטרירטן רויען שוידער־שטאָף צו געבן א קינסטלערישן תיקון אונדזער בייזער תקופה.

אין נייעם פאָלקס־פּוילן זיינען פאַראַן ליכטיקע טענער פאַרן דיכטער און נייע צילן פאַר דער יידישער ליטעראַטור. זיי וועלן זיכער קומען נאָך די גוטע שפּראָצונגען, וואָס זיינען שוין פאַראַן. דאָס אַריינבליקן אויפסניי אינעם פיינפולסטן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן קאָן נאָר פירן צו פאַרשטאַרקן דעם עקשנותדיקן ווילן אַרויסצורייסן אַלדאָסבייז פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

איך וויל אויף דעם אָרט בייגן דעם קאָפּ אין טיפן כבוד און פאַרערונג פאַרן שאָטן פון א פשוטן האַרעפּאַשנעם פאָלקס־ייד, מיין פאָטער משה ב״ר שמואל שפיגל, וואָס האָט מיט האַלב־אָפּגעשטאַרבענע הענט, בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, פאַרגראָבן מיינע כתבים, די לידער און נאָוועלן, אין א בלעכערנער פּושקע אין א פינצטערן געטאָ־קעלער. ער האָט זיי אַריינגעלייגט אין דער פינצטערניש פון דער ערד אַזוי ווי מען פאַרגראָבט א זוימען, וואָס דאַרף אַמאָל אויפגיין אונטער גוטע, ליכטיקע הימלען. ער האָט זיי באַהאַלטן פאַר די, וואָס האָבן געזאָלט שפּעטער אויפסניי אויפגיין מיט לעבן נאָך דער גרעסטער פינצטערניש. ער האָט געגלייבט אין ווידערגעבורט פון מענטש און אין ווידערגעבורט פון אונדזער פאָלק. אויך אויף מיר, זיין עלטסטן זון, האָט גערוט דער פלאַם פון זיין גלויבן. און דער דאָזיקער גלויבן באַגלייט דעם מענטש אויך אין אונדזערע טעג אין זיין געראַנגל פאַר ליכט, ליבשאַפט און א ווירדיק לעבן. און ציען וועט זיך דער דאָזיקער געראַנגל אַזוי לאַנג ביז אַלע מענטשן אויף אונדזער גאַנצן ערד־קיילעך וועלן פרייפולע אויסרופן:

— און געוואָרן איז ליכט!

**ישעיהו שפיגל**

אין וואַרשע, סעפּטעמבער 1949

צום הייליקן שאָטן פון מיין פאָלק

# שענק מיר דאָס געדעכעניש

שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט,
פון אַלע די, וואָס זיינען אַש געוואָרן.
שענק מיר דאָס געדעכעניש פון דור,
פון זיין לעצטער פּיין, פון זיין לעצטן צאָרן.

דאָס אָרעם לייב אין גהינומדיקן פייער,
די האָר פאַרסמאַליעטע אין רויטן פלאַם —
שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט,
שענק מיר ס'הייליק וואָרט פון נקמת־דם.

מיליאָנען אויגן פאַרשלאָסענע מיט דיר,
מיליאָנען תפילות פאַרשטיקטע אינעם מויל —
שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט,
פון שרפה און פון חניקה און פון גרויל.

זיי יאָגן מיך — מיליאָנען הענט אין ווינט,
זיי צינדן נעכט און ס'פלאַקערן פאַרטאָגן —
שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט,
וואָס כ'קאָן נישט מיט דיין וואָרט באַקלאָגן.

דאָס וואָרט איז שטום, ווי שטום עס זיינען זאַמדן,
ווען ס'האָט דאָס בלוט אַריינגעטריפט אין זיי;
שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט,
דעם אָטעם אויף זייער לעצטן וועג פון ווי.

פון שוואַרצאַפּלען מיליאָנען כאָטש אַ טרער
לאָז פון די ווימפּערן פון מײַנע אויגן טריפן.
שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט.
מיט אָפּגרונטן פון אַלע ימימס טיפן.

פאַרשניטן ס'איז אַ פאָלק אַדורכגעגאַנגען
מיט האַלדז געקוילעט און פאַרסמט;
אָ, שענק מיר דאָס געדעכעניש פון טויט,
דאָס גרויסע, הייליק וואָרט פון נקמת דם.

1946

# ס'הענגט נידריק איצט דער הימל

ס'הענגט נידריק איצט דער הימל אויף מיין פענצטער,
דער ווינט, ער טראָגט שוין פרוכט אין גרינע סעדער.
נאָר נישט פאַרגעסן כ'וועל איך, געסעלעך פון געטאָ,
ביי אַלע שטערן טו איך היינט אַ נדר.

אַז כ'וועל אַמאָל צווישן אַש און חורבות
אינעם טויט דעם יידישן פאַרגעסן —
וועל איך שוין וויסן: ס'איז מיין הארץ פאַרלאָשן,
די שבעה נאָך מיין פאָלק כ'בין אָפּגעזעסן.

און ווי אַמאָל ביים שפּינראָד אונזערע באָבעס,
און ווי אַמאָל די זיידעס אין די קלויזן —
וועל איך מיין הארץ טראָגן דיר אַקעגן,
פאַר אַלע שטערן אין די נעכט אַנטבלויזן.

דו האָסט מיין הארץ מיט טויזנט שווערע טויטן
אַרומגערינגלט, ווי אַ בוים מיט צווייגן.
און קיינער וועט שוין נישט פאַרשטיין מיין תפילה,
ווען כ'וועל אויף דיינע הענט מיין פּנים לייגן.

1946

# די צוואה

ווער ס'האָט ביינאַכט נישט געדערדט מיט טויטע
און געאָרעמט נישט געגאַנגען מיט די שאָטנס —
איז ווי אַ זעגל, אָפּגעריסן אויפן ים־פלאַך,
וואָס וועט שוין קיינמאָל נישט אָנקומען צום באָרטן.

ווער ס'האָט געוואַשן ס'האַרץ מיט פייער
און נישט מיט קילן ליכט פון טויטע אבות —
פאַרנומען האָט דאָס ווידערקול פון דורות
און נישט דאָס הייליק ליד פון אימת־מות.

ווער זיין תפילה האָט געשיקט צו זונען,
און נישט צו טויטע, קאַלטע, גרינע שטערן —
דעם האָט אין פינצטערניש פון געטאָ־נעכט
נישט געבריט דער פלאַם פון דורותדיקע טרערן.

דער, וואָס האָט זיין פרייד געזוכט אין ברונעם
פון יעדן טאָג און ווינטיקע געצעלטן —
ער וועט ווי גראָז אויף טויטן שטיין פאַרוויאַנען
און מיט זיין דור זיין גורל שוין פאַרשעלטן.

אויף אַלטע פעלדזן ברענט דאָס רויטע אות
פון יעדן בליץ, וואָס האָט זיך איינגעקריצט דאָ.
כ'וועל אָנטרינקען מיין האַרץ מיט פולן טרערן־כוס,
ביז זיין וועט די צוואה אייביק אַ געשיצטע.

1946

# באַלאַדע פון טאַטע־מאַמע

ביי מיין טיר ווײַנט דער ווינט פון די בערג,
ס'איז מיין טויטן טאַטנס שאָטן;
ער וויל נישט שטיין אַ נאַקעטער אין שניי,
ווי דער עפּלבוים אין גאָרטן.

— „אָ, עפן מיר, זון, די טיר,
די לבנה האָט די נאַכט שוין צעבלאָזן,
איך וויל נישט מער ליגן ווי אַ שטיין
אויף רויטע פאַרבלוטיקטע גראָזן..."

דער ווינט ווײַנט אויף אַ טרויעריקער פלייט
דורך נעפּל און ווינטיקע שנייען.
איך הער פון דער שוועל ווי עס שרייט
אַ קול צו מיר שוין פון צווייען:

— „וואָס האָלטסטו אונדז אויפן ווינט,
מיר דאַרפן דאָך גיין באַלד צוריק,
צי דערקענסטו נישט, זון, מער דאָס קול,
וואָס האָט דיך אין וויגל געוויגט?

ווי לאַנג איז דער שיעור דאָ צו שטיין
הינטער טיר דיין אַלטער מאַמען?
דער טאַטע שטייט קוים אויף די פיס,
וואָס בריען אים נאָך פון די פלאַמען.

אַ, עפּן, מיין זון, אונדז, נאָר ניך,
מיר קאָנען, חלילה, פאַרפירן.
איך האָב דיר די מאַמע געבראַכט
בלינדערהייט דאָ צו פירן".

איך ווייס נישט ווער ס'עפנט די טיר,
די מאַמע טרעט בלינדערהייט;
דער טאַטע — אין צעריסענע שטיוול,
די מאַמע — אין איר וואָכעדיק קלייד.

זיי זעצן זיך ביידע אַוועק
ביי מיר אויפן קאַנט פון בעט,
דער טאַטע שניידט רעפטעלעך ברויט: —
— „עס, מיין קינד, צו דער זעט...

מיר וואָלטן צו דיר נישט געקומען
אַזוי אין דער נאַכט אומגעריכט,
מיר ווילן דו זאָלסט אונדז באַשרייבן
אין אַ שיין, הייליק געדיכט.

ווי אַזוי ם'האָט די מאַמע דיינע
אַ קאַלטע, שוין טויטערהייט,
מיט ווידלעם געשלעפט אויפן שייטער
אין איר צעריסן וואָכעדיק קלייד.

און פון מיר, דיין טאַטן, איז בעסער
נישט זאָגן קיין איינציק וואָרט;
אַלץ איז געוואָרן צו אַש —
נאָר נישט מיין ווייסע באָרד...

מיר האָבן געזוכט דיך, מיין זון,
נישט געוווסט ווו דו ביסט.
קוש די אויגן די טויטע, דער מאַמען,
פאַרבינד מיר די בלוטיקע פיס —

און טאַטער, חס - ושלום,
וועסט לאָזן אויף אונדז אַ טרער,
טאָ וויים — מיר וועלן שוין קיינמאָל,
קיינמאָל נישט קומען אַהער...

קוש נאָכאַמאָל די אויגן דער מאַמען,
מיינע ווונדיקע פיס מיר פאַרבינד.
ס'איז צייט שוין צו גיין פון דאַנען:
אַ גוטן טאָג, מיין קינד..."

— — — — — — — — — — — — — — —

ביי מיין טיר וויינט דער ווינט פון די בערג,
ס'איז מיין טויטן טאַטנס שאָטן.
כ'זע ער זיצט אויפן הויף אינעם שניי,
לעבן עפּלבוים אינעם גאָרטן.

1947

# איך טראָג אין וואָרט

איך טראָג אין וואָרט מיינעם דעם ווייטיק פון אַ חלף־שנים,
דעם ציטער פון אַ ליכט, וואָס צאַפּלט אויף זיין קנויט;
די גנאָד פון וואָרט איז הייליק אין מיין יידיש ליד,
ווי הייליקער דאָס לעבן איז פון יעדן טויט.

מיין יעדער גאַנג — איז גאַנג פון טויזנט יידן,
מיין יעדעם וואָרט — איז תפילה־פלאַם צו גאָט;
אַ פלאַם האָט זיי די ווייסע הענט געצונדן,
אַ פלאַם געברענט האָט זייער טראָט.

ווו זאָל איך איצט, אָ גאָט, אויף רעגנדיקן פעלד
די טריט פון זייערע טויטע פיס דערקענען;
איך זע אויפסניי מיין היים אין רויטער שרפה ברענען,
און זוך זיי מיטן ווינט אין דיינע ווייטע שטערן.

1946

# די זון פון אַש און שרפות

יעדעס לעבן אונדזערס גייט פון קילן שטאַרבן אויף,
יעדער טויט טראָגט קנאָספּן פון דיין לעבן;
און נאָר דאָס האַרץ מיינס פלאַקערט ווי דער דאָרן,
און נאָר דאָס האַרץ וויל נישט דעם צער פאַרגעבן.

איך בין אַ בוים צעשניטן מיט אַ זעג,
וואָס זינגט ביי יעדן זונאויפגאַנג פון שטאַרבן.
פון יעדן שטיקל קאָרע ווידער וואַקסט אויף ערד
דאָס לעבן מיינס, וואָס עמעצער וועט אַרבן.

איך טראָג אויף קאָפּ די פלאַקער-קרוין פון שטערן,
און אין מיין אויג — דעם פלאַם פון היימען טויטע.
פון קילן שטאַרבן גייסט, מיין לעבן אויף,
מיין זון — פון אַש און פון שרפות רויטע.

1945

# אין טוי=באַגינען

אין טוי־באַגינען כ׳קוש דאָס נאַסע גראָז,
און מײַנע ליפּן פֿרעגן: פֿאַרוואָס, אָ גאָט, פֿאַרוואָס?
דאָס געלע גראָז אויף אונדזער חרובער כאַטע
דערמאָנט מיך אין דײַנע טויטע אויגן, טאַטע.

אַ ווינטמיל שטייט דערנעבן דאָ און קלאָגט ,
אויף יעדן אָוונט לויערט בלוטיקער פֿאַרטאָג,
אויף יעדן טאָג לויערט חלף פֿון דער נאַכט,
דײַן קול אין ווינט יאָמערט אויפֿן שליאַך.

דער בית־עלמין זינקט אַראָפּ מיט אַלטן שטיין,
דאָ זיצן נאָך די זיידעס מיט תהילימדיק געוויין,
דאָ האָט געזען לבֿנה ווי אויף פֿעלד פֿאַרשנייט
מ׳האָט באַגראָבן אונדז לעבעדיקערהייט.

מיט יעדן אָדער־ציטער, מיט יעדן יידיש אות,
איך פֿאַל צו דיר און פֿרעג: פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס?
דו ענטפֿערסט נישט. ביסט שטום ווי טויטער שטיין,
מײַן גאָט, וואָס האָסטו מיך געלאָזט אַליין?

1946

# אין א טונקלער קאַמער

ערגעץ אין אַ טונקלער קאַמער
שטייט די וויג צעבראָכן —
און די שפּין וועבט און וועבט
אונדז די גרויע וואָכן.

אויף אַ טויטן־בערגעלע
זינגט מיר די לבנה,
זינגט פון וועלדער, וואָס זיי ברענען
מיט יידישער סכנה.

לויפט דאָס שימער־ליכט פון שטערן
אַריין אין טונקלער קאַמער.
הויבט זיך אויף מיין קינד פון וויגל —
שרייט אַרויס מיט יאָמער.

— שטערן, שטערן, זינג מיר לידער
פון מיין שיינער מאַמען.
כ'וויל נישט אויסגיין ווי לבנה
אין די אָוונט־פלאַמען.

כ'וויל נישט ליגן אינעם וויגל, —
אין מיין טויטן־ארון.
כ'וויל דיר זינגען מיט די שטערן
לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

הויבט זיך אויף מיין קינד און זעט —
פון חלום שוין אַ וואָר איז.
נישט קיין קאַמער, נישט קיין ארון,
נישט קיין בית ־ הקברות.

און איך זע — עס זיצט אויף שוועל,
זיננט צו זון און שטערן.
ס'לייכט דער הימל אויסגעלייטערט
ווי אַן אויג פון טרערן.

1946

# באַלאַדע פון די דריי יאָדלעס

ס׳גייט מיין שוועסטערל מרים מיט אַ קויבערל אין האַנט,
טראָגט זי דאָרטן ווייסוואַרג, תכריכימדיק געוואַנד.

— וואָס גייסטו אַזוי שפּעט אין לבהנהדיקן וואַלד,
אַז ס׳האָט שוין אויפן באַרג די צוועלפטע שעה געשאַלט?

— איך גיי, מיין טייער ברודערל, צו די יאָדלעס דריי,
צום געפרוירענעם טייך ביים זילבערנעם שניי.

צופוסנס די יאָדלעס אויפן בערגל דאָרט,
אונטער טויטע שטערן ליגט אונדזער הייליק אָרט.

וואָרום ס׳האָט געזאָגט צו מיר איין יאָדלע:
—אונטער מיר, אונטער מיר,
צווישן וואָרצלען און מעך,
ליגט די מוטע פּעסל
מיט בלוטיקע שטעך — —
אוי וויי איז מיר!..

זאָגט צו מיר די צווייטע יאָדלע:
— אונטער מיר, אונטער מיר,
מיט אַ רויטלעכער ווונד
ליגט געקוילעט אין שלאָף
איר זייגעדיק קינד — —
אוי וויי איז מיר!..

און אונטער דער יאָדלע, ביים האַרטן שטיין,
ליג איך טאַקע, ברודערל, איך טאַקע אַליין.

זאָגן מיר די יאָדלעס: — גיי אין וואַלד אַריין,
שפּין אונדז אויס תּכריכים פון ווייסן ליין
פון ווייסן ליין
און ווינט־געוויין. — — — -

— ווו האָסטו גענומען, שוועסטערל מיין,
אַזויפיל געוואַנד געשפּינט פון ליין?

— איך האָב זיי פון שניי און גראָזן געשפּינט,
פון ערד, פון נעפּל, פון בלאָען ווינט —

און אויכעט שוין איבער אַ האַלב יאָר
איך שפּין זיי פון מיינע ווייסע האָר,

איצט גיי איך זיי אָנטאָן — די שכנים צוויי
מיט לייוונט, וואָס איז ווייכער פון שניי,

די יאָדלעס זיי וועלן מער נישט קלאָגן ביינאַכט,
אַז מ'האָט זיי אויף אייביק אומגליקלעך געמאַכט.

צוערשט וועל איך אָנטאָן מומע פעסל דאָס קלייד,
דערנאָך דאָס קינד, וואָס ליגט פאַרשנייט.

צום סוף איך וועל זיך לייגן אַליין
אין קבר צוריק אין ווייסן ליין — —

— — — — — — — — — — — — — —

דריי יאָדלעס, דריי יאָדלעס ביים געפֿרוירענעם טייך,
די לבנה אין שניי ליגט טויט און בלייך;
מיין שוועסטערל מרימס דאַר געשטאַלט
שלאָפֿט ביי די יאָדלעס אין טויטן וואַלד.

1947

# איך קני פאר דיר

איך קני פאר דיר, מיין היים, מיין טויט - פארברענטע
באלוט,
פון פייער-ים א שפליטער — כ׳שטיי ווידער ביי דיין שוועל;
נאָך ברענען מיינע האָר פון לעצטע שייטער - פלאַמען,
א טויטן - גרוס איך ברענג דיר פון דערשטיקטער קעל.

אוי ווי איז מיר, מיין היים, און אלע מיינע ברידער,
וואָס קלאָגן איצט ירמיהוס אלט געוויין אויפסניי;
א פעלד א וויסט — דאָס הארץ, וואָס פלאַקערט ווי א דאָרן
און וויל פארברענט נישט ווערן נאָך אונדזער בראָך און ווי.

ווי א שאַקאל איך וויין אין די פארברענטע געסלעך,
אין ס׳רינט נאָך אויף מיין פנים אראָפּ דעם הימלס שנאה,
כ׳בין פון מיין לעצטן דור דער לעצטער ייד צום שטאַרבן,
און אפשר אונדזער טרייסט כ׳וועל אונטער אש געפינען?

ווידער שטיי איך דאָ — ביי יעדן שטיין און שוועל,
צום וויפלטן שוין מאָל איך צייל די טויטע געסטן...
זיי האָבן דיך פארשעמט, מיין הייליק - וויסטע היים,
געשענדט דיך און דיין פרומע הייליקייט געלעסטערט.

ווי שיין ביסטו געווען, ווי שיין, מיין אָרעם באלוט,
מיט יעדן שטיין און שוועל, מיט אלטע שיינע קלויזן;
דיין ערד קוקט איצט צו מיר ווי ס׳פנים פון אַן אבל,
און איך אליין — א נס, א נס פון הונדערט טויזנט.

די קוימענס דיינע זיינען — ווייגענדיקע ווערבעס,
די לעצטע וואנט — דער כותל אין הייליקן ירושלים;
צי ליגט אין אש באהאלטן אונדזער שם - המפורש
דיין טויטע ערד מיט לעבן ווידער צו באנייען?

ס'איז נישט באשערט געווען דיר מיט דער ביקס און מעסער
אויפשטיין קעגן שונא און אָנצינדן מרידה;
ווײנסטו אינדערשטיל... און ס'איז דיין יאָמער גרעסער
ווי ס'יידישע געוויין אין אלע איכה - לידער.

נאָר איך — איך טו א נדר ביי דיין טויטער ערד,
מיין היים, מיין הייליק באלוט, מיין געטאָ, מיין פארשעמטע,
כ'וועל אָפּווישן פון פּנים דיין אבלדיקע טרער
און אויפבינדן די טרייסט פון הערצער די פארקלעמטע.

1946

# פון טויזנט פעלדזן

פון טויזנט פעלדזן ס׳איז אַ פעלדז געבליבן —
אַ גראָע קלויזן - וואַנט געקושט פון פלאַם;
ווען ס׳האָט דער אָוונט בלוטיקן גענומען,
האָב איך געקושט דאָס לעצטע אות אין פייער - ים.

דער ווינט האָט פון די הימלען אָפּגעווישט די שטערן
און ווי אַ בעטלער אַריינגעווייִנט אין רויטע ציגל;
פון טויזנט פעלדזן ס׳איז אַ פעלדז געבליבן —
די רעדלעך הילצערנע פון אַ יידיש ווינגל.

אַ פאַרהענגל אַ ווייס — אַ זומערדיקער וואָלקן
האָט זיך אין טויטע פענצטער שטום באַוויגן;
פון טויזנט פעלדזן ס׳איז אַ פעלדז געבליבן —
דאָס וואָרט אין טויטע קינדערישע אויגן.

* * *

ס׳האָט אויפגעהויבן זיך אין פּוסטע שטובן
אַ שטורעם-ווינט פון טריט און פיס צעדמטע;
מיין טאַטנס שאָטן לויערט און זוכט צווישן אַש
זיין תפילין - זעקעלע און אותיות פאַרפלאָמטע.

און איך — איך טראָג אַ זעקל זאַמד פון פוילנס ערד דער שוואַרצער,
כ׳טראָג מיין חלום, כ׳טראָג מיין היים די פאַרברענטע;
כ׳וועל זעצן זיך אין דעמער - שעה ביי ווערבעס שטילע
און תפילה - טאָן צו שטערן די געשענדטע.

זיי האָבן אים געזען, דעם טויט פון יידן —
די שטערן איבער קלויסטערלעך און ווייסל - שטראָמען;
איצט שאַר איך אויפן פעלד דאָס הייליק זאַמד פון טריט
צו הייליקן אויף אַלע אייביקייטן זייער נאָמען.

1947

## יוונג

אין וועמענס זכות האָט מיך דער טויט געמיטן,
אין וועמענס זכות געשען איז דאָ אַ נס?
אַ שטים אַ צאָרניקע רופט הינטער מיר און וואָרנט:
— פאַרגעס אין אַלץ, פאַרגעס, פאַרגעס, פאַרגעס.

פאַרגעס ס'געוועזענע און רייס אַרויס פון חלום
דאָס גראָע פעלד מיט אַלע תליה - ביימער;
וואָס מער כ'דערטרינק די דערינערונג אין תהומען,
אַלץ אָפטער קומט דער יידן-טויט אין טרוים מיר.

איך קאָן נישט פון מיין שלאָף פאַרטרייבן זיי שוין מער.
די טויזנט פנימער פון יידן האלב-פאַרקוילטע;
זיי רינגלען אַרום מיין בעט מיט ברענענדיקע בערד
און שטיקן מיך אין שלאָף מיט פויסטן איינגעקנוילטע.

אין שוואַרצע שויבן פון אָנשטערנדיקע נעכט
עס קלאַפּט צו מיר דער ווינט מיט טויזנט דאַרע פינגער;
פון חלום כ'ניי אַרויס און זעץ זיך אויף דער טרעפּ
און ווער צו אַלע טויטע — זייער טויטן-זינגער.

1945

# אין שטילקייט איז מיין וואָרט

איך קאָן נישטריידן צו דיר מיט הויכע רייד —
דער טויט איז לויטער שטילקייט. אָן אוונט - פעלד
פאַרשנייט.
עס שאָטנט בלויז אויף מיין פּנים אָפּ דעם גרויל
אַ צוק פון אויג, אַ קרומער פאַלד ביים מויל.

איך קאָן נישט ריידן צו דיר מיט הויכע רייד —
ס׳ליגט מיין גוואַלד דערשטיקט אין גראָען פאַלד פון קלייד,
און נאָר ווען כ׳בלייב ביינאַכט אַליין, אַליין אין שטוּב —
גייסט אויף צו מיר, אַ טויט, פון יעדן גרוב.

כ׳פאַל ווידער אויף מיין מאַמעס הענט אַראָפּ
און זי — זי ליינט אויף מיר איר אַלטן גראָען קאָפּ,
שווייגן מיר שוין ביידע, ביידע טויטערהייט —
אין שטילקייט לויטערער, אָן טרער, אָן רייד.

אין שטילקייט ליגט מיין תּפילה צו דער נאַכט,
צום שאָטן, וואָס האָט אונדזער טויט באַוואַכט —
זיי שטיל, זיי שטיל, נישט מאָן די הויכע רייד —
דער טויט איז לויטער שטילקייט. אָן אוונט-פעלד פאַרשנייט.

1946

# איך זיץ אויף צווייגן

איך זיץ אויף צווייגן אין דעמער־שעה מיטן פויגל, וואָס קלאָגט
צו די שטערן אויסגעלאָשענע אויפן קאַלטן, טויטן בוים.
איך עסן פאַר נאַכט דאָס האַרץ, ווען ס׳שווימט אַוועק דער טאָג,
און כ׳לעש זיך אויס מיט ז ו ן, ווער נאַכטיק־בלאָער שוים.

די וועלדער זיינען ווייַנענדיקע שוואַרצאַפּלען פון נאַכט,
די ביימער ־ קרוינען שרייבן אויפן הימל ס׳שטילסטע ליד פון לעבן;
פון ים קומט אָן דער ווינט און כ׳הער, ס׳האָט אויפגעוואַכט
אַ נייער הימל, וואָס וועט אַ נייע פרייד אונדז געבן.

דערווייל איך לייג מיין קאָפּ אויף שטיין פון טויטער שטאָט
און קלויב די שטערן אויף מיין ברוסט ווי אַן אָרעמאַן אַ
אַ גראָשן.
ווי קען איך דיך געפינען איצט אין אַזאַ נאַכט, אָ גאָט,
מיין גאָט,
ווען ס׳איז די תפילה אויף מיין ליפּ צו דיר שוין לאַנג
פאַרלאָשן?

1946

# צו מיין מאַמען

א

מיין קליינע, דאַרע מאַמע,
מיין קליינע מאַמע פון מאָגעלניצע,
שוין בליען ווידער די קאַרשן־ביימער אויף שאָסייען,
שוין זינגען פוילנס טייכן אינעם אָוונט
צוזאַמען מיט טאָפּאָליעס אויף זילבערנע אַלייען —
און דו ביסט מער נישטאָ,
ביסט מער נישטאָ,
מײַן קליינע, דאַרע מאַמע פון מאָגעלניצע.

ווען אַלע מאַמעס פון דער גרויסער וועלט
וואָלטן דיך געקענט,
מיין קליינע, דאַרע מאַמע פון מאָגעלניצע —
וואָלטן זיי, ווי איך,
דיין קינד,
געטראָגן אויף די אויגן איצט די טרער
ווי אַ העשנדיקן ווינט,
דעם ווינט, וואָס האָט געגלעט אין פייער
דיין איינגעשרומפּן גופל —
מיין קליינע, דאַרע מאַמע,
מיין קליינע מאַמע פון מאָגעלניצע.

ביסט מער נישטאָ,
מיין קליינע, דאַרע מאַמע.
נישטאָ.
און די קאַרשן־בוימער בליען ווידער אויף שאָסייען,

און ס׳זינגען פוילנס טייכן אינעם אָוונט,
צוזאַמען מיט טאָפּאָליעס אויף זילבערנע אַלייען —
און שוין קיינמאָל נישט,
אויף אַלע אייביקייטן,
כ׳וועל נישט קענען אַרומנעמען אַ בערגל זאַמד
און זאָגן:
— אָט אָ דאָ ליגט מיין קליינע, דאַרע מאַמע,
אָט אָ דאָ רוט מיין קליינע, דאַרע מאַמע פון מאָנעלניצע.

1945

ב.

* * *

כ׳טראָג נאָך אַלץ אויף מיין האַרץ דאָס העמד פאַרבלוטיקט,
וואָס די האָסט אָנגעטאָן מיר אויפן לעצטן וועג;
פון זיין רויטן פאָדעם גליט ביינאַכט מיין חלום
און כ׳ליג פאַר דיר אין פלאַמען אויסגעשטרעקט.

איך טראָג נאָך אַלץ אויף מיין צונג און גומען
דאָס ברעקל ברויט, וואָס האָסט מיט מיר געטיילט;
נאָך האַלסטו מיר מיין האַנט, נאָך פיל איך,
ווען ס׳האָט אונדז ביידן צו דעם טויט געציילט, געציילט.

און ווען די זון גייט־אויף אויף פוילנס פעלד און סעדער,
איך האַלט מיין קאָפּ פאַרזונקען און פאַרשעמט;
דער הימל הענגט נאָך אַלץ צעריסן און פאַרבלוטיקט
ווי אויף מיין האַרץ — דאָס רויט־פאַרבלוטיקטע העמד.

1946

ג.

* * *

כ׳וועל מער נישט זען דיך צינדן ליכט, מאמע הייליקע,
כ׳וועל מער נישט טרינקען דעם פרידן פון דיינע פרומע אויגן...
די ווערבע ווײנט איבערן טייך און קלאָגט אין דעמער־שעה,
די לבנה זעט נאָך איצט דיך גיין איינגעבויגן...

כ׳וועל מער נישט הערן דיינע טריט ווי א תפילה,
וואָס האָט די רו געבראַכט פאר מיין שטורעם־שוים;
אין טויטע פענצטער בלאָנקעסט איצט א שטילע,
צווישן אש פון אונדזער אָרעם, עלנט הויז...

כ׳האָב נישט געזען דיין טרער אין לעצטער רגע,
כ׳האָב נישט געקושט די פאַלדן פון דיין קלייד;
ווער האָט געזען די אויגן דיינע דעמאָלט,
ווען זיי האָבן דיך צום קרבן אָנגעגרייט?

וואָס זאָל איך טאָן אצינד, אָ, מאמע הייליקע?
דאָס אויג איז אויסגעטרוקנט פון דער טרער.
א מענטש דאַרף האָבן וואָס ארומצוזעמען —
א בערגל זאַמד, א בערגל ליבע ערד...

א קופּע גראָז כאָטש, געקושט פון ווינט,
א הילצערן ברעטל, א בערגל גראָע שטיינער;
אויף וועגן כ׳שטיי, און שטורעם ווינט מיין קאָפּ —
ווו איז דער שטויב פון דיינע אַלטע ביינער?

1946

## ד.

* * *

עס דוכט מיר אָפּט: דו שווימסט אַרויס צו מיר פון מ׳ין גאָם־געָרוייש,
פון פרעמדע פּנימער, פון לויפנדיקע מענטשן;
דו גייסט מיר נאָך און כ׳פיל אויף מיינע אַקסלען שוין
אין ווינט דיין וואָרט, וואָס גייט מיך בענטשן.

כ׳דערקען אַמאָל אין ווייסן פּנים פון אַ פרוי
דיין יידיש פּנים מיט דיין מאַמעדיקן ציטער;
דו הענגסט מיר איבער שלאָף, ווי אַ הימל אויסגעשטערנט
און בלייבסט אויף אייביק שוין מיין טרייער היטער.

איך היט אין האַרץ די מינדסטע תנועה דיינע
און כ׳שמעלץ מיין גוף צוזאַמען מיט דיין פורעם;
און מיט ווינט, וואָס וויינט אויף נאַכטיקע בית־עלמינס,
איך פאַל צו דיר אין שניי אויף פרעמדע קברים.

מיין גורל ליגט, איך וויים, אין דיין טויט פאַרהוילן,
ווי ס׳ליגט אַ פּערל אין דער מושלע אויף די דנאָען;
און ס׳לעצטע וואָרט, וואָס האָט געגליט דיין גומען,
וועט זיין אויך ס׳וואָרט אין מיינע לעצטע שעהן.

כ׳וועל נישט אַריבערלויפן מיין טריבן האַרץ־געוווירבל,
כ׳וועל נישט אַרויס פון מיין פינצטערלעכן קלעם;
איך טראָג דיך אין מיין אויג ווי נאַכט אַ בליץ אַ העלן,
ווי איינגעשניטן אין מיין לייב — אַ כשופדיקן שם.

1946

# קום, זעץ זיך

קום, זעץ זיך אויפן קאַלטן בית־עולם־שטיין
און לאָז דיין קאָפּ אַראָפּ אויף דיינע קניען.
דער נאַכט־ווינט קלאָגט אַזוי צופוסנס דיר אויף ערד,
דאָס גראָז וועט שוין קיינמאָל דאָ נישט בליען.

וועסט דערהערן ווי פון הינטערן שטיין
ס'גייט אַרויף צו דיין אויער אַ כליפּען:
דעם שטערן בויג צו — הערסט יידישע רייד,
ס'איז דאָס געוויין פון יידישע ליפּן.

קום, זעץ זיך אַוועק און זאָלן די נעכט
צינדן די האָר פון דיין קאָפּ.
אַזוי איז געזעסן קין אַמאָל,
איבערן ערשטן טויטן געקלאָגט.

אַ שפּאַלט אינעם שטיין פון טרערן וועסט זען,
שוין עפנט זיך ווידער די ערד.
קום, נעם מיך אַרום איידער דער אָוונט קומט אָן,
איידער דער טויט האָט מיין חלום פאַרצערט.

1946

# אונטער אַ בערגל ציגל

אונטער אַ בערגל ציגל רויט מיין טויטע היים,
פליעט זי און ברענט אונטער זאַמד און שטיין.
וועל איך קומען צו איר, פון רויטער נאַכט געיאָגט,
און אויפבלאָזן די זון צו אַ נייעם טאָג.

אונטער אַ בערגל אַש שלאָפט מיין טויטע היים,
חלומט דאָ אַ טאָטנע אין איר גרינעם טרוים,
לעבן איר — אַ שוועל פון אונדזער יידיש הויז
און אַ סטעליע רויט פון פאַרברענטער קלויז.

אונטער אַ בערגל אַש — דער חלום פון מיין היים ,
און די טאָטנע וואַקסט אַלץ אויפן טויטן ליים,
אויף איר גרינער צווייג הענגט נאָך דאָרט די שטריק,
און מיין טויטער טאַטע וויגט זיך דאָרט און וויגט...

כ׳וועל אים נישט אראָפנעמען פון דעם גרינעם בוים,
ווייל ער היט די היים אין איר וויסטן תהום,
און ער הויבט צום הימל זיין קאַלטע, טויטע האַנט
איבער אַש און שטיין און פאַרבלוטיקט זאַמד.

אונטער אַ בערגל ציגל רויט מיין טויטע היים,
פליעט זי און ברענט אונטער זאַמד און שטיין —
און די טאָטנע וואַקסט אַלץ הויך אין גרינעם טרוים —
אויפן טויטן ליים פון מיין טויטער היים...

1946

# צו אַ דערמאָרדעטן יידישן פּאָעט

**ישראל ראַבאָן**

איך וואָלט דיך נישט באַקלאָגט מער אין די נעכט,
איך וואָלט דיר נישט קיין ליכט מער אָנגעצונדן;
נאָר כ׳בין צום האַרץ מיינעם אַ שטומער קנעכט,
וואָס פירט מיך אויף דער וועלט אַרום אַ בלינדן.

כ׳וואָלט נישט געפּייניקט מער מיין גוף
מיט יעדן אות פון יידיש ליד און לשון;
ווען דו וואָלסט נישט מיין האַרץ געכשופט מיט אַ רוף
פון אַ בליץ, וואָס זיצט אין מיר פאַרלאָשן.

איך וואָלט ווי ווינט פאַרגאַנגען איבער קוימען,
ווי שפּינוועב, וואָס איז אין אונדזער שטוב געהאָנגען;
נאָר ס׳ליד מיינס ווי אַ חיה שרייט פאַרבלוטיקט הינטער
צוימען,
ווו כ׳ליג אין בענקעניש געפּענטעט און געפאַנגען.

1946

# דאָס ברויט אויפן טיש

דאָס ברויט ליגט אויפן טיש און אויך דאָס מעסער,
נאָר ס'איז די האַנט נישטאָ, וואָס זאָל עס שניידן.
דיין מלבוש הענגט אין שאַנק אויף זשאַווער־שלעסער,
ווי אַן אָרון וואַרט זי אויף אונדז ביידן.

די זון איז אויף דער גרינער ערד פאַרגאַנגען
און נאָר אויף טיש עס ליגט דאָס שימל־ברויט.
אַ שטראַל האָט אויפן פענצטער־ברעט זיך אויפגעהאָנגען,
ביים טיש זיצט אָנגעלענט אַן אַלטער מאַן — דער טויט.

מיך האָט די ערד פאַרשלאָסן אין איר שוויגן
און כ'בין מיט שרעק אויף לענדן אָנגעגורט.
דו וועסט נישט קומען מער דעם קאָפּ דאָ לייגן —
איך וואַרט אַליין אויף זונס גאָלדענער געבורט.

1946

# א ייד וויינט אינם זאמד

א וואונדערלעכער כישוף און א וואונדערלעכער הימל, —
פרילינג לאַכט אַצינד מיט בלוי-צעבליטן בעז;
און דאָ — אינמיטן שטאָט — א טויטע געטאָ-וואַנט,
אַרויסשטאַרצנדיקער מת...

די שטאָט איז היינט א גאַרטל פון צעבליטע גערטנער,
און פּנימער פון פרייד — פון יעדער שויב און פענצטער;
און דאָ — פון געטאָ איינגעפאַלענע רואינען,
א טויטע שטאָט מיט טויזנטער געשפענסטער.

די הימלען הענגען נאָך פאַרפייניקטע געשוואָלן
פון לעצטן רויך, פון לעצטן שריי פאַרשטויגט;
ס'האָט זיך א ייד אוועקגעזעצט ביים טויער
און הויך אויפן קול אין זאמד אַריינגעוויינט.

1945

# תפילה צו מיין טויטן טאַטן

איך זע נאָך איצט:ביים קנויטן־לעמפּל, איבער אַלטן סידור
מיין גראָער טאַטע באַווײנט דיך, ירושלים;
פון זיינע אויגן — די טרער אַ בריענדיקע נידערט
אויף מיינע קינדער־הענט, ווי נאָטס פאַרבאָרגן פייער.

איך זע נאָך איצט: די זילבערנע פרימאָרגנס אינם קלויז,
די אַלטע מזרח־וואַנט מיט אַלט־געשניצטן ארון;
אין פאַלדן פון פרוכת איך פאַל ווי אין אַ שוים —
און ס'פלייצט אויפסניי אויף מיר דאָס ליכט פון קינדער־יאָרן.

איך הער נאָך איצט: אין פענצטער זינגען־מיט ביינאַכט די
שטערן
דאָס ליד יהודה הלוים אין מיין טאַטנס ניגון;
כ'וועל באַלד אין פינצטערניש דעם ים, דעם ירדן, רויש
דערהערן,
וואָס וועט מיט בענקעניש צו דיר, ירושלים, מיך פאַרווינגן.

מיין גראָער טאַטע איז מער נישטאָ. אויף מיינע הענט
עס בריט נאָך איצט זיין פרומע, אַלטע טרער;
צו אים איך האַלט מיין פּנים און מיין טרער געווענדט
און זע דעם דאָרן צעפלאַקערן אויף הייליק ערד.

פון פייער כ'קום, אָ גאָט, ווו ס'איז אַוועק מיין פאָלק,
פון רויך, וואָס האָט פאַרלענדט אונדזער אַלטע היים;
כ'טו תפילה צום רויכערדיקן שאָטן פון מיין פאָלק,
וואָס האָט זיין לעצטן גאַנג געהייליקט מיט דיין שם.

אָ, טאַטע טויטער, וועק אויף פון רויך, פון פייערדיקער ערד
מיין אומגעקומען פאָלק, זיי זאָלן אויפשטיין איצט,
זיך שטעלן פאַר יעדן קריגער מיט זייער פייער־שווערד
און שלאָגן אונדזער שונא מיט דונערן און בליץ.

וועק אויף דאָס טויטע פאָלק, און זאָל זייער טויטער שאָטן
פאַרויסגיין אין דער שלאַכט, אין הייליקן געפעכט;
ס'איז אונדזער קאַמף פאַר פריי אונדזער לעצטער באָרטן,
ס'זאָל נישט דער טויט פון פאָלק אויף אייביק זיין פאַרשוועכט.

כ'טו תפילה צו דיר, אָ, טויטער טאַטע, פון דיין פאַרברענטן
סידור,
ווי דו האָסט אַמאָל באַקלאָגט אונדזער הייליק ירושלים;
פון דיינע אויגן אויפסניי די טרער אַ בריענדיקע נידערט
אויף מיינע הענט, ווי גאָטס פאַרבאָרגן פייער.

1948

# אין יעדן טוי־טראָפּן

אין יעדן טוי־טראָפּן איך זע די טרער מיין מאַמעס,
אין יעדן ווינט־פּליסטער — די תפילה פון מיין טאַטן,
און איך אַליין, איך טראָג די ברכה און די קללה
אויף מיין האַרץ פון אַלע, אַלע צייטן.

די נאַכט — זי איז דער תליון פון מיין טאָג,
וואָס לאָזט זיין זון־קאָפּ בלוטיק אויף מיר פאַלן.
אויף מיינע פינגער שפּילט אַ קאַלטער ווינט,
ווי אויף קאַלטע, טויטע, טויטע שטראַלן — —

מיין וועלט ווערט ווידער פונעם רויטן אַש געבוירן
און כ׳זינג מיט נעפּלען איבער טייכן גראָע;
מיין שאָטן שפּרייזט אויף פעלדזן־בערג און שטערן
און כ׳הער מיין טאַטנס הייליקע צוואה.

1946

# דאָס לעצטע מאָל

רבקהן

דאָס לעצטע מאָל כ'האָב דיך געזען אין אויפגעפּראַלטן אײַזערנעם וואַגאָן,
צווישן פּנימער פון ייִדן, קינדער — אַ ווילדע, צעפּלאָשעטע סטאַדע;
כ'האָב אַפילו נישט די האַנט דערלאַנגט דיר אויפן לעצטן, לעצטן וועג —
דער וועג אין אַ פאַרמאַכטן אויטאָ ערגעץ צו דער אויטאָ־סטראַדע.

כ'האָב נישט געוווּסט, אַז אָט איז אויצט דער לעצטער, לעצטער וועג,
דער לעצטער וועג פון אַלע אונדזערע טרוימען.
פון ווייטן גליווערן אַראָפּ צו אונדז די בלאָלעכע בעסקידן
און לעבן זיי — צום הימל שפּײַט דער קרעמאַטאָריע־קוימען.

1946

# טײלמאַל

טײלמאָל דוכט זיך מיר: עס עפנט זיך די טיר,
בלײבסט שטײן אַ שמײכלענדיקע אויף דער שוועל.
דורך יאָרן פּײן און וואָגלניש און מאַטער
ס'האָט גובר געווען דעם טויט דײַן שטילע זעל.

דו קומסט אין שטוב און לײגסט אויף מיר דײַן קאָפּ,
נאָר פון די אויגן קײַקלט זיך אַ טרער;
מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס אויף מײַן האַלדז
דו זאָגסט: איצט וועט אונדז דער טויט נישט שײדן מער...

און בײדע גײען מיר אַזוי אַרומגענומען מיט די הענט,
ביז מילדער אָוונט פֿאַלט אַראָפּ אויף אונדזערע קעפּ;
און אינדערפרי — איך ליג אַ נאַקעטער אויף דיל,
מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס צו דער טרעפּ — — —

1946

## צו דיין פארשניטענער געשטאַלט

און וויפל מאָל דאָס וואָרט וויל טרייסט מיר ברענגען,
בלייבט שטיין פאַר מיר דיין טויט און קאַלט געשטאַלט.
איך פאַל אוועק אויף דרערד, און ווי אַ בוים
איך וואַרט אויף שטורעם, וואָס קומט פון טויטן וואַלד.

ווער איז שוין נישט געווען אין טויטער שעה ביי מיר?
ס'האָט נאָט אפילו טריב געוויינט אויף בעט.
פאַרשעמט ער האָט געלאָזט זיך אין דעמערונג אוועק —
און כ'הער — זיין פויסט זי קלאַפּט זיך נאָך על-חטא.

און וויפל מאָל איך האָב געוואָרט אין שטורעם
צו זען זיין ליכט, זיין קול ביימאָג צו הערן —
איך האָב געזען צוויי אָפּגרונטן אין פּנים,
ווו כ'פליסן הייסע, בריענדיקע טרערן.

אַצינד בין איך אַליין — די טרער די הייסע,
אַצינד בין איך אַליין — דער שטורעם אין דער נאַכט.
כ'הענג אויף אַליין די שטערן אינעם הימל —
לאַמפּיאָנען גרינע אויף אַ שוואַרצן דאַך.

1946

## א ביסל זאמד

כ׳וועל נעמען צו זיך אַ ביסל זאַמד פון אַ פאַרברענטער גאַס
און ווי טויטן-שערבלעך לייגן אויף מײַנע אויגן מידע;
איך ווייס: הייליק איז איר ערד, ווי פון הייליקן ירושלים,
וואָס געקושט אין חלום האָט מיין טאַטע אין דער שעה פון
ווידוי.

גייסט אויף צו מיר, אָ, היים פאַרברענטע, מיט שבתדיקן בלאָען שימער,
מיט נעסלעך פרומע, מיט קלייטעלעך און פרוכנעוואַטע קלויזן;
נישט קינות זאָגן ב׳קום צו דיר צו די פאַרברענטע שוועלן —
כ׳וויל נאָר מיין עלנט האַרץ פאַר טויטער ערד אַנטבלויזן.

איך זע נאָך אויף די דערבעלעך די שטערן דיינע פאַלן, זינקען,
דער חלום מיינער מיט אַ ווייסן זילבער-וואָלקן איז פאַרפלויגן;
איך וואַנדל אין די נעכט ביי דיינע טויטע הייף און נעסלעך
און שאַר דאָס הייליק זאמד אויף שערבעלעך פאַר מיינע
טויטע אויגן.

1945

# ווי אַ שיף

ווי אַ שיף, וואָס בלאָנקעט מיט צעריסענע מאַסטן
און קאָן נישט מער אויף ווינטן־ים טרעפן אין זיין האַפן —
אַזאַ איז דאָס ליד, וואָס כ'שרייב צו דיר אַצינד,
מיט אָפּגעהאַקטע פון געוויין שטאַמלענדיקע טראָפן.

אָ, נעם מיט מיר אַרום די אָוונט־שטילקייט, וואָס שטייט אַט־דאָ
און טרינק דאָס בלוט פון אונטערגאַנג, ברודער!
צי וועט מיין טראָט אַ קוש טאָן נאָך אַט־די ערד,
צי שיינען וועט דער הימל אונדז נאָך ווידער?

געווען אַ היים, אַ יידישלעכע שטוב אַמאָל
מיט שוועלן ליכטיקע און שבת־גילדענע פאַרטאָגן,
„אַ מענטש דאַרף גיין אין דרכים לויטערע פון גאָט" —
די מאַמע פלעגט שטילערהייט אונדז זאָגן.

איז מען געגאַנגען אויף די וועגן לויטערע און מילדע,
ווו ס'האָבן וונדער זיך געצונדן אויף אַ ווייטן ברעג;
געגאַנגען אַזוי לאַנג, ביז ס'האָט דער וועג אונדז אַלע
געפירט צום אויוון פון אָשוויענטשים און מײַדאַנעק.

מיט בענקעניש דעמערט איצט דער שוואַרצער אָוונט.
אַליין בין איך אַ שיף, וואָס טרעפט נישט מער אין האַפן,
אָ, ברודער טרויעריקער, פאַרגיב מיר אָט דאָס ליד,
וואָס כ'שרייב דיר מיט געוויין פון אָפּגעהאַקטע טראָפן.

1946

# מיר האָט זיך געחלומט

מיר האָט זיך געחלומט: דער קוימען פון מיידאַנעק
און רויטער פונקען־ים אויף אַ שוואַרצן דאַך.
פון טאַטע־מאַמעס דאַרע הענט און פינגער
ס'האָט די לבנה זיך אַ פּאַליי געמאַכט.

מיר האָט זיך געחלומט: איבער טיפן פעלדזן־תהום
כ'וויג זיך ווי אַ פויגל דורכגעשאָסן;
כ'זע אַ טויטן ־ שיף, וואָס שניידט אַ רויטן שוים
און ס'טרינקען פונעם ים ווילדע אַלבאַטראָסן.

מיר האָט זיך געחלומט: כ'בין צווישן דאַוונענדיקע יידן,
און ס'וויגן זיך די העלדזער אָן בערד, אָן קעפּ.
איך זע אַ קאַטער רויכערט זיך אָנגעפּראָפּט מיט קינדער —
און ס'ברענען מיינע פּיס שוין אויבעט אויף די טרעפּ.

ס'האָט מיך געטריבן מיט ווינטן אין די אָרעמס,
און טויזנט פייגל האָבן מיין געלאַף פאַרשריגן.
דערנאָך האָט ווער אין שוואַרצער ערד פון וועלדער
אַ פאַרברענטן אויף קויל מיין גוף געפונען ליגן.

1946

# מיין זיידע אנשל

מיין זיידע אנשל, דער טלית־מאַכער פון מאָגעלניצע,
האָט ביינאַכט געמישט דעם תהילים מיט אַ שוואַכער האַנט;
און דאָס פידעלע פון דוד המלך מיט דריי סטרונעס
געהאָנגען איז אויף דער ווייס־געקאַלכטער וואַנט.

מיין זיידע האָט גערעדט מיטן בעל־שם־טוב
ביינאַכט נאָכן תהילים־זאָגן און נאָכן שפּילן;
און אַרום זיין האַרץ האָט ער די תפילה פון אַ דור
אַרומגעצווינגן מיט די רצועות פון די תפילין.

אויף וועלכע וועגן בלאָנדזשעט איצט דער בעש״ט
אין בלויע, טויאיקע פאַרטאָגן?
איך קאָן נישט צוקומען צו מיין זיידעס תפילה,
כ׳קאָן אויף זיין פידעלע מיין גורל נישט באַקלאָגן.

און נאָר די שאָטנס, וואָס לויערן אויף מיין סטעליע,
דאָס טרויעריקע ליד פון פיין פאַרצייל איך;
ווי בענקט זיך מיר, אָ זיידע, נאָך דיין תפילה
און נאָך דעם פידעלע פון דוד המלך.

1946

# דורך רויביקע שוועלן

דורך רויביקע שוועלן, מיט הייליקע טריט,
מיט יידן און תהילים־געזאַנגען,
מיין טאַטע — אַ פראָסטער, פשוטער ייד —
דער ערשטער צום טויט איז געגאַנגען.

איך זוך איצט זיין שאָטן, זיין שאָטן זוכט מיך
אויף שוועלן פאַראַשטע, פאַררויכטע.
פון תליות דערציילט נאָך דער ווינט אויפן דאַך,
דער טויט אינעם קעלער זיצט נאָך דאָ.

ווי ס׳האָבן זיי הויטע באַגינענס באַגעגנט,
טאָפּאָליעס די ווינטן דערציילן,
דער פויגל ער זינגט נאָך דאָס ליד פונעם טויט
אין מיין הארץ, וואָס לאָזט זיך נישט היילן.

דורך רויביקע שוועלן, מיט הייליקע טריט
מיט יידן און תהילים־געזאַנגען;
מיין טאַטע — אַ פראָסטער, פשוטער ייד —
דער ערשטער צום טויט איז געגאַנגען.

1946

# באַלאַדע אין די בערג

ס'גייט אַרום אַ ייד אין די בערג —
און בלייבט שטיין ווי אַ פאַרכשופטע מיל;
אפשר איז דאָס דער הייליקער בעש"ט —
און אפשר גאָר מיין פעטער כיל?

מיין פעטער, דער קברן, וואָס האָט געהאַט
אַ געלאָקטע, גאָלד־בלאָנדע באָרד
און שערבלעך געלייגט דרייסיק יאָר
די טויטע אויפן הייליקן אָרט,

ער זעצט זיך צופוסנס פון באַרג,
און גיט מיט די אויגן אַ לאַך.
אים דוכט זיך: ער יאָגט ווי אַמאָל
די טויבן אַראָפּ פונעם דאַך.

און שפּעטער זעצט ער זיך צו
צום וואַסערל, וואָס דאַונט אין ווינט
און צו מיר ער גיט אַ ווינק —
צו זיין עלטסט שוועסטער־קינד.

איך זעץ זיך צופוסנס אים,
ער האַלט אויף דער קני מיין האַנט.
איך זע אין די אויגן ביי אים
אַ פלאַם פון אַ הייליקן בראַנד.

ער ביינגט אויף מיין האַנט זיין באָרד,
ווי אַ צוויינגל מיט העננגל־טרויבן.
איך הער ווי ס׳שפּילט ערגעץ אַ פליים,
און ער זינגט אַזוי צו די טויבן:

— „טויזנטער יידן איך האָב
געטאָן זייער הייליק רעכט,
שערבעלעך זיי געלייגט
אַפילו אין פינצטערע נעכט.

נאָר מיר, דעם קברן, אוי וויי,
קומט קיינער נישט טאָן מיין רעכט,
זוך איך אַ ייד דאָ אַרום
אין די פינצטערע נעכט...

אפילו ס׳וואָלט עמעץ געוואָלט
מיך זוכן אויפן הייליקן פעלד,
וועט ער נאָר טרעפן דעם ווינט,
וואָס שעלט, און שעלט, און שעלט.

ווייי איז צום פעטער כיל
מיט זיין געלאָקטער גאָלדענער באָרד.
וואָס האָט דרייסיק יאָר גערינט
צו די טויטע אויפן הייליקן אָרט.

דעריבער, מיין טייער שוועסטער־קינד,
ווו דו וועסט נאָר טרעפן אַ שטיין,
טאָ זעץ זיך אַוועק אינעם ווינט
און דיין פעטער, דעם קברן, באַוויין.

אפשר אונטער אים, דעם שטיין,
ליגט דאָס גראָע אַש פון זיין גוף,
און אפשר גאָר אינעם וואַסערל,
אין דער פינצטערער טיף.

און אפשר גאָר, ווער ווייסט,
איך הענג ווי אַ רויטער לאַמטערן,
אָט דאָרט, גיב אַ קוק, אויפן באַרג,
צווישן די גרינע שטערן..."

— — — — — — — — — — — — — —

כ'האָב אויפגעהויבן מיין קאָפּ,
געוואָלט זען דעם סוד פון זיין טויט —
איז גראָד אויף די בערג אויפגעגאַנגען
די זון אין מאָרגנרויט.

צווישן נעפּלען פון גרין און גאָלד
איז צעשווימען דער פעטער כיל.
אויפן שפּיץ פון באַרג דרייט די פליגל
אַ ליידיקע, טויטע מיל.

1947

* * *

ס'וועט מער דאָ נישט אויפגיין גאָלדענער ווייצן
אין ליכטיקן טאָל;
ס'וועלן מער נישט די תבואות זינגען אין אָוונט,
אַזוי ווי אַמאָל.

די פעלדער זיי ליגן צעאַקערט מיט ביינער
פון אָרעמען ייד;
ס'האָבן ווינטן די זריעה אין בלוט איינגעטונקען,
מיט אַשן צעשיט.

ס'וועלן מער נישט די מאַמעס זינגען דאָ לידער
איבער יידישער וויג;
די ביימער אין פרילינג זיי וועלן דאָ אויפגיין
מיט פעטליעס פון שטריק.

ס'וועט מער שוין נישט אויפגיין גאָלדענער ווייצן
מיט זאַפטיקן ברויט;
ס'וועלן פרעמדע דאָ קומען און שניידן די גראָזן
פון נקמה און טויט.

1945

## *1945*

נאָך וואַלגערן זיך איצט אויף די טראַקטן
מיין טאַטנס תפילין־רציעות פון רבינו תם;
נאָך הענגען די וואָלקנס אויף ווערבעס פאַרבלוטיקט,
נאָך רייסט זיך פון אַש דער רויטלעכער פלאַם.

נאָך קאָנסטו געפינען אין וועלדער אַ טלית
פון יידן, וואָס מ׳האָט דאָרט פאַרשלעפּט;
כ׳הער שפּילן דעם ווינט ביינאַכט אויף די צווייגן —
אויף האָר פון יידישע צעפּ.

נאָך זעסטו אויף טראַקטן זיך וואַלגערן שמות
פון הייליקע, יידישע ספרים;
אָ, שענק מיר דאָס וואָרט כ׳זאָל קענען באַקלאָגן
מיליאָנען ביתעלמינס אָן קברים.

1945

# בינד אונדז אויף די פרייד

בינד אונדז אויף די פרייד, גראָד ווי האָסט דעם טויט
געטראָגן אונדז אַקעגן אויף יעדער געטאָ - גאַס;
בינד אונדז אויף די פרייד — מיר זאָלן נישט קיין קללה
וואַרפן אין די הימלען דיר אין אונדזער האַס.

בינד אונדז אויף פון יעדער שנאה,
פיר נישט מער מיין טראָט צו אַש און פלאַם;
אָ, נעם אַראָפּ פון פלייצעס אונדז די שאַנד
און לעש אויף אונדזער צונג דאָס וואָרט פון סם.

דאָס מעסער פונעם פיינט האָט אויך געצילט צו דיר —
און צריקגעפאַלן אויף אונדזערע חענט די אומבאַפלעקטע;
פון דיינע שטערן כ'טרינק דאָס בלוט און וויים: צו אונדזער
שוועל
וועסט קומען נאָך אַמאָל מיט אָרעמס אויסגעשטרעקטע.

1945

# צו מיין טויטן חבר

צום טונקלען וואלד אין באַרגיקן סודעטן - לאַנד,
ווו זילבער - קוואַלן זינגען אויף אַ פעלדזן - וואַנט,
ווו ס׳שטייט אַ בוים, אַרומגעהילט אין גאָלד - געפלעכט
פון לויטער זון-אויפגענג און בלאָלעכע סודעטן-נעכט —
איך זינג צו דיר דאָס ליד, מיין חבר טויטער,
אין יעדער שעה פון הימל אויסגעבלויטער.

איך זינג צו דיר, מיין טויטער חבר,
און האַלט אין האַנט נאָך אַלץ דאָס גרינע בלאַט,
וואָס איז געפאַלן דעמלט אויף דיין יידיש פנים.
כ׳געדענק דיין טויטע האַנט, געביילט צו די תלינים,
זי הויבט זיך הויך איצט איבער קבר - ראַנד
אין טונקלען וואלד פון באַרגיקן סודעטן - לאַנד.

פון טונקלען וואלד אין באַרגיקן סודעטן - לאַנד
האָט ס׳לעצטע מאָל געשיקט מיט מיר דיין האַנט
אַ גרוס אַהיים, צו דיין גאַס און שטאָט,
צו דיין מאַמען, וואָס האָט גערעדט מיט גאָט,
און צו אַלע די, וואָס זיינען איצט אַליין
אויף אָפגעברענטער גאַס, אויף חורבות פון זייער היים.

איך קום ביינאַכט צו דיר, מיין טויטער חבר,
און לייג מיין קאָפּ אין וואלד און שלאָף אויך ביי דיין זייט,
איך וועל דערציילן דיר, דאָ אין טויטן וואַלד,
אַז אונדזער האַרץ — אַ שטיין, וואָס אין תהום ער פאַלט,
אַז אונדזער אויג — אַ שוואַלב, וואָס האָט קיין פליגל נישט,
און די טרער דער ווינט האָט נאָך נישט אָפּגעווישט.

און גראָד אַזוי ווי ס'וואַקסט איבער דיר דער בוים,
וואַקסט הויך ביי אונדז אויפסניי פון אַש אונדזער טרוים.
כ'האָב דיר אַ גרוס פון איר, פון דיין היים געבראַכט,
די זון איז אויפגעגאַנגען נאָך יענער לאַנגער נאַכט.
— „שלאָף רואיק דאָ, מיין זון, פאַרוויגט פון ביימער־שטאַמען —
דאָס איז דער גרוס צו דיר פון דיין טויטער מאַמען".

צום טונקלען וואַלד אין באַרגיקן סודעטן־לאַנד,
ווו זילבער־קוואַלן זינגען אויף אַ פעלדזן־וואַנט,
ווו ס'שטייט אַ בוים אַרומגעהילט אין גאָלד־געפלעכט
פון לויטער זון־אויפגעענג און בלאָלעכע סודעטן־נעכט —
איך זינג צו דיר דאָס ליד, מיין חבר טויטער,
אין יעדער שעה, פון הימל אויסגעבלויטער.

1946

# אין קעלער

אין קעלער ליגט אַ מת אונטער ציגל
מיט אויגן אָפענע און גרינע. —
ס'ווייסט קיינער נישט אַחוץ נאָר די לבנה,
וואָס האָט מיט אירע שטראַלן אים געפונען.

דאָ שטייט אַ וואַנט צעפאַלן און צעקרישלט,
דאָס פאָרהענגל — אויף שוואַרצער קויל פאַרברענט;
ליגט אַ מת אין קעלער אונטער ציגל
מיט געביילטע הענט.

פאַרזינגלט מיטן טויט די לבנה שיפט זיך אויבן
און שאַרט צוזאַמען שטערן מיט אַ זילבער - רידל;
אין קעלער עס ליגט אַ מת אונטער ציגל —
און ס'טויטע האַרץ זינגט אים ווי אַ פידל.

אָ, זינג מיר, פידעלע, פון טויט אין קעלער,
אָ, זינג מיר, פידעלע, פון געביילטע פויסטן;
צו מיין אויער טראָג אין בלאָלעכע פאַרטאָגן
דאָס ליד פון האַרץ, וואָס האָט זיך מיר אַנטבלויזט דאָ.

ווער וועט דיר אויפבינדן די הענט, אָ, ברודער,
ווער האָט אין קעלער דיך אין פינצטערניש פאַרמויערט?
ווען וועט פון טויטער פויסט, אין טונקלען קעלער,
אַ זינג טאָן אין מיין האַרץ דיין לעצטער טרויער?

— — — — — — — — — — — — — —

אין קעלער ליגט אַ מת אונטער ציגל
מיט אויגן אָפענע און גרינע;
ס'ווייסט קיינער נישט אחוץ נאָר די לבנה,
וואָס האָט מיט אירע שטראַלן אים געפונען. — — —

1945

# שימערדיק גאָלד

שימערדיק גאָלד אויף וואַלדיקן שליאַך —
די זון האָט איר קרוין דאָ פאַרלאָרן;
ווי הירשן, געפאַנגען פון בהלה און טויט,
זײַנען געפאַנגען די קינדערשע יאָרן.

אַ גאָלדענער פּאַלאַץ פון פערלעך טוי,
פון קנאָספּן און גרינע דימענטלעך, —
איך זע נאָך מײַן וויג צווישן הימלען דאָרט שטיין,
אַ ווינקל אויף הילצערנע ווענטלעך.

די מאַמע לעשט אוים די מנורה פון פּײַן,
וואָס ס׳צינדט אָן דער שאָטן אויף מויער.
זי זיצט לעבן מיר און כ׳וויים, ס׳וועט באַגין
מיך וועקן אַ שטערן אַ בלויער.

איצט וויים איך: ס׳איז מער שוין קיין הימל נישטאָ,
נישטאָ אין די וואָלקנס קיין שטערן;
עס הענגען אין אַלע געוועלבן פון הימל
מײַן מאַמעס פאַרגליווערטע טרערן.

1945

# רעגן־ליד

שטייט אַ ביימעלע און וויינט:
— סאַראַ מבול פֿאַלט דאָס היינט!
אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנצע נאַכט
נישט קיין אויג צוגעמאַכט.

טריפּ און טראָפּ, טראָפּ און טריפּ,
צווייגעלעך ווי נאַסע צעפּ;
ס'האָט דער הימל אויסגעוואַשן
אַלע ביימעלעך די קעפּ.

שטייט דאָס ביימעלע און קלאָגט:
— ווען — זשע וועט שוין ווערן טאָג?
פֿאַלט דער רעגן אויפֿן דאַך,
פֿאַלט און פֿאַלט אַ גאַנצע נאַכט.

טריפּ און טראָפּ, טריפּ און טראָפּ,
ביימל וויינט מיט נאַסן קאָפּ:
— ליבע מענטשן, גוטע לייט,
ווען וועט קומען זון און פֿרייד?

1947

## פּאָרט דער זיידע

פּאָרט דער זיידע מענדעלע מיט זיין פערד אוןביידל,
דאַווענט פרום די תבואה און זי שעפּטשעט: זיידע, זיידע.

וויקלט זיך די נאַכט אויף פעלד אין סאַמעטענע טיכער,
און די שטערן הוידן זיך אינעם קאַלטן וויכער.

זעט דער זיידע: ס׳שטייט אַ קרעטשמע, הענגט דאָרט
אַ לאַמטערן.
— קום צו אונדז, קום צו אונדז... — ווינקען אים די שטערן.

קריכט דער זיידע פונעם ביידל, שפּאַנט ער אויס דאָס פערדל,
און דריי שטערן שפּילן זיך אין זילבער פון זיין בערדל.

קומט ער אין דער קרעטשמע — זעט ער: ס׳זיצט פּישקעלע
דער קרומער
און בנימענדל השלישי שטאַרק, אוי, שטאַרק פאַראומערט...

— וואָס ־ זשע, קינדער, איז די מעשה, אַזאַ מרה שחורה,
צי זעט איר נישט ווי כ׳פיר פאַר אייך אַ הייליק בינטל
סחורה?

— וואָסער סחורה, זיידעניו, האָסט פון וועג געבראַכט
אין אַזאַ אָ פינצטערער, אומעטיקער נאַכט?

נעמט דער זיידע אַ ספרל, לייענט פאַר זיי אַ מעשה,
ביז עס הייבט אין קרעטשמע ־ שויב שטערן אָן צו בלאָסן.

נעמט דער זיידע פונעם שטערן די שפּאַקולן די גרויסע
און ער מורמלט: קינדערלעך, נישט דאָס־אָ בין איך אויסן...

ציט שוין ווידער ס׳ביידעלע אויף די רעגן־שליאַכן,
ציט קיין טונעיאַדעווקע און צו גלופּסקער כרכן.

פאָרט ער, פאָרט ער, ביז ער קומט צו מיין שוועל פאַרפאָרן
און ער זינגט מיר אין, מיין חלום ווי אַ פעלד מיט קאָרן.

1948

## פּרץ אין געטאָ

זיי האָבן גענייט, גענייט, גענייט
פון גראָען פּאָדעם דאָס טויטן־קלייד.

האָט איינע געזאָגט: איך בין שוין טויט,
נאָר כ'וואָלט נאָך געגעסן אַ שטיקל ברויט,

אַ שטיקל ברויט צו דער זעט, צו דער זעט —
אויף מיין צעבראָכן טויטן־בעט.

זאָגט איר די צווייטע: שוועסטער, איך וואָלט
גענייט דיר אַ קלייד פון לויטער גאָלד,

נאָר כ'ניי אויך פאַר מיר אַ טויטן־קלייד
נישט פון פּאָדעם און נישט פון זייד,

נאָר פון טונקלען, שווארצן געוואַנד —
פון די נעכט אין געטאָ־לאַנד.

זאָגט זיי די דריטע: שוועסטערל ליב,
איידער מען וועט מיך לייגן אין גרוב

גיי אויפן הייליקן אָרט אַרויס,
גרייט פאַר נייטאָרינס דריי אַ שוים

אין אַ שוואַרצלעכן שפּאַלט פון דר'ערד
מיט יידיש בלוט אין זאַמד פאַרטערט.

און איך וועל מיר זינגען דאָס טויטן - ליד
פון גאָלדענעם פאָרעם אין רויטלעכן בלוט —

— — — — — — — —

ס'האָט זיי, די אָרעמע נייטאָרינס דריי,
געלייגט טויטע אין וואָגן ריי נאָך ריי,

פארהילט אין א טוך שווארץ און דין —
אין פרצס ברייטער פעלערין.

1946

## צו י. ל. פרץ

אין טיפן וואלד - געפלעכט, מיט שטאמען דעמביקע
פארוואָרצלט,
דו טראָגסט די גאָלדענע קייט אויף רויטע טליענדיקע אשן;
דו בויסט זיך איבער תהומען בריקן פון פארשטאָרבענע
לבנות,
און כשוף הייליקן דו ציסט פון אונדזער יידיש פראָסטן לשון.

יצחק לייבוש פרץ! כ'פארנעם דעם וויינענדיקן ניגון פון דיין
פידל,
ס'לבנהדיק געזאַנג אויף ברענענדיקע מויערן און דילן;
איך זע זיי ווידער — דיינע הייליק - שבתדיקע יידן,
גענערטע פון דיין ליכט, וואָס ווערט די רויטע וווּנד
פארשטילן.

וואָס שטעקט אין פידעלע? — פאַר דיר דער סוד איז נישט
פארהוילן,
ווי נישט פארהוילן פאַרן אָדלער ס'איז זיין הויכער וואָלקן-
פלי;
עס ברענט שוין נישט די מנורה פון דיין אמאָליק יידיש פוילן
אויף וואלן זאמאָשטשער און אין דיין שטעטל שעברעשין.

דו האָסט געוואָלט די יידן דיינע פירן איבער חורבות
פון וועלט צו שבת אייביקן, וואָס וועט די גראָע וואָך באַזיגן;
אַצינד גיי איך — אַ קינד פון חורבן, אויף די אַשן באָרוועס
און זוך אין זיי דעם פלאַם פון פאָלק — דעם גילגול פון
אַ ניגון.

איך וואַנדל בלינד מיט זיי ביי דיינע זאַמאָשטשער פאַר־
טרוימטע וואַלן,
די וועלט זי לאָזט נאָך נישט דעם קאָפּ פון נאַכט באַשיצן;
אָ, וועק אונדז אויף מיט טרייסט, אָ, שיץ אונדז מיט דיין
אָרעם,
מיר ווילן גיין, ווי דו, געפירט דורך פייערדיקע בליצן.

און אויב עס וועט דער וועג מיט שטרויכלונגען דאָ פול זיין,
נישט פאַרשעמען אונדזער ווייטיק וועט דאָס יידיש לשון;
פאַר אונדז דו שפּאַנסט נאָך אַלץ מיט זון צעברעקלט אויף
די אָרעמס,
און הינטער דיר — דיין פאָלק אויף רויטע, טליענדיקע אַשן.

1946

## צום שאָטן פון מײַן ברודער

דײַן קינדהײט, װי מײַנע, געװען איז אַ טרויעריקע, שװערע;
כ׳געדענק נאָך װי האָסט זיך דײַן האַנט צעקאַליעטשעט
בײַם ברונעם;
איצט שרײַב איך צו דיר אַ בריװ, אַ בריװ צום טויטן
ברודער,
צו קילער ערד, װאָס ליגט איצט אויף דײַן פּנים.

װאָס זאָל איך דיר שרײַבן, ברודער מײַנער טויטער?
צי פון דעם, אַז ס׳איז דאָ קײנער שוין נישטאָ,
צי פון טאַטע־מאַמע, אויסגעקוילעט אויף די פעלדער
אין זײער לעצטער עלנט ־ פרעמדער שעה?

װאָס זאָל איך דיר שרײַבן, דיר, אַ קאַלטן, װײַטן שאָטן,
צום גרינעם גלאַנץ פון דײַנע אויסגעלאָשענע אויגן?
כ׳געדענק נאָך איצט די קינדער ־ טעג אויף באָלוטער הויפן,
װוּ ס׳האָט אַ דעמערונג אַ פאַרקלערטע בײדע אונדז געצויגן.

איצט פאַלט בײַ אונדז אַ שנײ — אַ װײַס געװײן אויף
חורבות,
און ס׳שטײט שוין נישט די שטוב, פאַרברענט איז אונדזער
הײם.

פון אַלע אונדזערע נאָענטע און משפּחות
כ׳בין אין פּוילן אַ פאַרשניטענער געבליבן דאָ אַלײן.

שרייב איך צו דיר, צו דיינע טויטע, קאַלטע פינגער
און צו דיין שאָטן אויף ווייטער, פרעמדער ערד;
זאָלן די שטערן הענגען איבער דיין בערגל געלע ביינער
און לויכטן מיטן גלאַנץ פון אַ זילבער - שווערד.

1946

# ווּ וועלן מיר לייגן אונדזערע קעפּ

נאַכט. ס׳ברענט אין שטאָט די לעצטע שול.
אָנגעצונדן ס׳האָט דער שונא צו גאָט די לעצטע טרעפּ.
איך גיי מיט זיי, מיט אַלע נע־ונדניקעס אויף דעמער־וועגן:
— ווּ וועלן מיר היינט אַוועקלייגן אונדזרע קעפּ?

די לעצטע שולן ברענען אין די שטעטלעך. ס׳טליען אַלטע
קלויזן,
אין זייערע ווינקלען זיצט נאָך איצט די שרעק פון גזירה ת״ח.
— ווּ וועל איך, גאָט, מיט אַלע די פאַרטריבענע,
אַוועקלייגן דעם קאָפּ היינט ביינאַכט?

אין ערגעץ נישט. די לעצטע שולן ברענען. ס׳ברענען אַלטע
קלויזן,
אין רויטן אַש גייט־אויס דיין לעצטע טרעפּ;
אָ, גאָט, פון אַלע הייליקע נע־ונדניקעס,
ווּ וועלן מיר היינט ביינאַכט לייגן אונדזערע קעפּ?

1940

## מיר וועלן אינמיטן נאַכט...

מיר וועלן אינמיטן נאַכט ארויסגיין ביידע צו די דראָטן —
קיינער זאָל נישט וויסן,
און הייסן דאָרט די ערשטע בעסטע ביקס —
צו אונדז שיסן.

ס'איז סיי ווי סיי אונדז ביידן מער דאָ נישט געבליבן,
ווי דעם קאָפּ לייגן אויף די דראָטן.
אַ גרינע נאַכט וועט פאַלן איבער אונדז,
אַ גרינע נאַכט מיט שטערן און מיט שאָטן.

אַרומגענומען ביידע מיט די הענט —
מיר וועלן דאָרטן ליגן, ליגן...
און צופוסנס פון אַ ביקס עס וועלן נאָר
די שטערן אונדז פאַרוויגן, וויגן...

1940

# מיין טויט אויף דראָטן־צוים

ס׳ציטערן ביינאַכט די דראָטן אויפן צוים  ווי  שורות אין אַ סידור, —

לייג איך אוועק מיין האַרץ דאָרט — אַ פויגל אויפן פּלויט;
צו נאַכט און שניי איך פלי, פאַרבלוטיקט און אַ מידער,
און כ׳וויים, אַז צו מיין האַרץ צילט איצט דער געטאָ־טויט.

אויף ברענענדיקן דראָט איך ליג און טרינק פון מאַמעס הענט
די ציטערדיקע טרער פון אַלע תפילות אירע;
מיין האַרץ איז איצט אַ פליגל צעבראָכן און פאַרשעמט,
און יעדער אָדער — אַ רויטע, בלוטנדיקע שורה.

ס׳געפינט דער שניי ביינאַכט מיין האַרץ מיט וווּנדן העלע,
מיין לייב אַזוי ווי ברויט, געטונקט אין בלוט־בעכער;
און ס׳רייסט זיך נאָך מיין קעל אין פויגליש לעצטע טרעלן —
אַ פויגל אַ פאַרבלוטיקטער צו הימלען העכער...

1943

# די שטערן צינדן זיך אָן

כ׳בין הונגעריק נאָך דיין ליכט יעדן טאָג,
ווי נאָכן ברויט, וואָס איך עס אינעם חלום.
כ׳בין דורשטיק נאָך דיין וואָרט יעדן טאָג,
ווי נאָכן וויין, וואָס איך טרינק אינעם חלום.

דו האָסט זיך פאַרשטילט ווי אַ טושלע
אין נאָלד־זאַמד אויף אַ וויטן ברעג.
די שטערן צינדן זיך אָן —
איך הענג איבער אָפענעם תהום
און טרינק דיין קילע אָוונטיקע שיין
פאַרן טויט און פאַרגיין.

1941

# הונגער

איך ליג ביינאַכט אַ הונגעריקער, נאַקעט, נישט פאַרדעקט,
דער הימל הענגט איבער מיר גליווערדיק און טויט.
מיט דראָבנעם מאָן פאַלט אויף מיין קאָפּ דער מילך-וועג,
און ס'ציטערט אויף מיין מויל דער לבנה - זויס — אַ שטיקל
ברויט

זיי וועלן קומען באַלד באַגינען, באַגינען אויפהויבן מיין קאָפּ,
און מיינע אויגן — צוויי שטערן — ווי שטויב זיי וועלן זיך
צעפאַלן.
בלויז אויף מיין מויל ס'וועט פלאַטערן, ס'וועט פלאַטערן דאָס
שטיקל ברויט,
און זינגען פונעם מילכוועג אויף כשופדיקע שטראַלן.

זיי וועלן שוין מיין גוף און מיין געשטאַלט נישט מער
דערקענען —
דער הונגער האָט פאַרצערט מיין קאַלטע, טויטע הויט.
און ווען זיי וועלן אויפן וואָגן מיך מיט ווינטן לייגן —
ב'וועל זינגען נאָך פונעם מילכוועג דאָס לבנהדיקע שטיקל ברויט.

1943

# דער ווינט

פאַרפּאַקט דאָס ביסל בעטגעוואַנט,
דאָס פּיצל קינד אין שויס —
מיר וואַרטן. ס'וועט דער שונא באַלד
אָנקומען אין הויז.

ער קומט, ער קומט, ער קומט ביינאַכט,
ער קומט דאָ אומגעריכט;
זיצן מיר אין פינצטערניש —
נישט אָנגעצונדן ס'ליכט.

פון דער גאַס פאַלט דאָ אַריין
לאַמטערן־ליכט אויף ווענט;
ווי צום טויט פאַרמשפּטע,
מען האַלט זיך פאַר די הענט:

און פּלוצעם — ס'האַרץ, ס'האַרץ בלייבט שטיין,
ס'גייט עמעץ אויף די שטיגן;
ס'איז נאָר אַריין — דער ווינט, דער ווינט —
געפונען טויט אונדז ליגן.

1941

## אָ, שענק מיר ווידער

איך קען שוין איצט דעם טויט פון אַלע טויטן,
ווי דעם פויגל־פלאַטער אין באַגינענס פריע;
איך זע אין יעדן טיש
דאָס האַלץ פון מיין ברודערס תּליה.

איך קען שוין איצט די פּיין פון אַלע פּיינען,
די נאַכט, וואָס גייט אויף אונדז מיט חלף רויטן;
כ׳הער יידן זינגען אין פאַרברענטע קלויזן
דאָס הייליק ליד פון אַלע אונדזערע טויטן.

איך קען שוין איצט דעם וועג צו אַלע תהומען —
דעם תּהילים־גאַנג פון אונדזערע עלטער־זיידעס;
וועל איך ווי אַ מויער דאָ אין וואָגל־וועג פאַרבלייבן
און זיין אויף דורות אייער שטומער עדות.

אַן עדות פון אַ פאָלק, וואָס איז פאַרשניטן,
אַן עדות פון אַ פלאַם, וואָס האָט פאַרצערט;
אָ, שענק מיר ווידער שטילן טויט און פרידן,
אויף פרידלעך־שטילער ערד.

1943

# פאַרוואָס

פאַרוואָס זאָל איך נישט אויפהייבן די האַק
און אַראָפּלאָזן ווי אַ ווינט איבער עמעצנס קאַרק —
ס'זאָל רינען דאָס בלוט ווי פון געשלאָגענע פערד,
ס'זאָל זידן און קאָכן פלאַסיק און שטאַרק?

פאַרוואָס זאָל איך נישט איבער עמעצנס האַלדז
פאַרלייגן אַ פעטליע, פאַרציען די שטריק.
אין ווינט זאָלן זיך הוידען געבונדענע הענט,
און טרעטן כ'זאָל איבער צעבראָכן גניק?

פאַרוואָס זאָל איך נישט איבער עמעצנס קאַרק
וואַרפן די שאַרף פון געשליפענער האַק —
אזוי ווי זיי האָבן מיט יעדן פון אונדז,
אָרעמע ברידער, געטאָן אין באַראַק?

אָרעמער ברודער, באַהאַלט נישט די שאַרף,
באַהאַלט נישט אונטערן מאַנטל די שטריק!
דער ווינט וועט אונדז העלפן גיין אין דער נאַכט,
דער ווינט וועט אונדז ווייזן דעם וועג אויף צוריק.

1942

## כ׳וועל לייגן מיין קאָפּ

כ׳וועל לייגן מיין קאָפּ אויף ווינט און נאַכט
הינטער אַ דראָטענעם פּלויט;
כ׳וועל וואַרטן ביז ווינט וועט זינגען פון וואַלד
פון מיין טויט, פון מיין טויט, פון מיין טויט.

די ערד בענקט צום וואַלד און אויך צום ווינט,
אין נעפּלען הענגען די שטערן;
ווער וועט דאָ קומען אויף טונקעלער ערד
מיך הערן, הערן, הערן?

ס׳וועט קיינער נישט קומען צום וואַלד אַהין,
די נעפּלען קושן די שטיינער;
כ׳וועל לייגן מיין קאָפּ אויף ווינט און נאַכט —
מיינע טויטע, טויטע ביינער.

1942

# אין באַרצער דעמערט

אין קאַרצער דעמערט. שוין די דריטע נאַכט דאָ
איך ליג געוואָרגן אויף דער פּריטשע;
אין דרויסן האָט אין שלענגער־גאָרטן די לבנה
געשפּונען טיכער ווייסע, ווי צו אַ חופּה,

ווייסע טיכער און זיידענע געווענדער,
אָנגעהאָנגען כישוף אויף דיביימער;
אַכט יידן אויף דער פּריטשע לעבן פענצטער
שלאָפן נישט פון שוואַרצער אימה.

וואָס זיצן יידן אַכט אויף דער פּריטשע,
וואָס זוכן זיי אזוי דורך לעכער? —
ערגעץ וויינט דערווינט איבער זיי,
ערגעץ וויינט דער ווינט איבער דעכער.

וואָס קאָן דער ווינט דערציילן אויף די דעכער,
וואָס קאָן אַ רעגן אויסוויינען פאַר זיי?
אַכט יידן אויף דער פּריטשע ווי געקוילעט,
אויף דער פּריטשע ליגן אָנגעגרייט.

צוקאָפּנס נאָר — דער עלנבויגן קנאָכיק,
די פינגער איינגעקניפּט אין קאַלטער באַק;
אינדרויסן די לבנה, די לבנה —
גייט אונדז אַקעגן מיט אַן אָנגעשאַרפטער האַק.

1943

## ליפּעס ווײַנען מיט צוויט

ליפּעס ווײַנען מיט צוויט —
יעדן טאָג װעל איך אױפשטײן און זען:
געפּאַנצערטע חילות ציִען אױפן הימל אין רײטוועגענער,
אין געפלאַכטענע װאָלקנדלעך, מיט װינט געװעבט,
שװימען זעגל־שיפן איבער דער בלאָקײט פון מײן שויב.
צו אַ טונקעלן ברעג,
צו אַ טונקעלן ברעג.

יעדן טאָג װעל איך אױפשטײן און זען:
די ליפּעס פאַר מײן פענצטער װײנען מיט צוויט,
נישט ברױנע קאָרע אויף זײ, נאָר גערונצלטע הויט —
זײ האָבן נאָר אײנמאָל געבליט,
און װילן נישט שטאַרבן
מיט אַ װײסן טויט.
מיט אַ װײסן טויט.

איבער מיר האָבן װײנענדיק ליפּעס געשאָרכט,
געשאָרכט מיט פּאַריסענע קעפּ;
אין געפלאַכטענע װאָלקנדלעך מיט װינט געװעבט,
מיך געטראָגן דאָ אַהער צו טויטער טרעפּ,
צו טויטער טרעפּ.

איצט הענג איך אויף צווייגן, טרינק שטורעם און בליץ,
און כ׳קאָן נישט אַנטלויפן פון בלוט־רויטע נעכט;
איך פאַל מיטן צווייט, כ׳גיי אוים מיטן טוי —
אין איינזאַמען קאַלטן שאָטן־געפלעכט,
אין איינזאַמען קאַלטן שאָטן־געפלעכט.

1940

## אַ ברונעם אין געטאָ

דאָס גאָלד פון דער אָוונט־זון אַראָפּגעטריפט האָט אינעם
ברונעם,
מיט כשוף־רייד פליסטערט איצט דער נאַכט־ווינט אויף די
צווייגן;
אַראָפּגעגאַנגען איז די זון איצט אינעם ברונעם שטאַרבן,
און שטומער אָפּגעצוימטקייט וועלן מיר די קעפּ אונטער
שטערן לייגן.

מיר זיינעןביידע אָנגעגרייט צום שטאַרבן
און לערנען זיך אויסגיין מיטן טאָג צוגלייך;
מיט זילבער־וועסלעם שיפט אַוועק אונדז לעצטער אָוונט־
שאָטן
ווי אויף אַ פליסנדיקן, גראָען טייך.

וואָס איז אַזוינס די אָוונט־שטילקייט אויף אַ טייך?
וואָס איז אַזוינס די טיפעניש פון שוואַרצן ברונעם?
ווי גאָלדיק שיין געבלענדט האָט זייער ראַנד אין בלאָלעכע
פאַרטאָגן,
ווי מילד געגלעט האָט אָונטס זילבער־וועסלע אונזער פנים...

1943

# דאָס שניי־פעלד הינטער דראָט

דאָס שניי־פעלד הינטער דראָט איז ווייס, כ'וויקל זיך אין אים
ווי אין פאַר זעט.
מיין יעדער טראָט — אַ טראָפּן בלוט, ווי אַ הייליק יידיש
אות;
איך שרייב אויף אים אין מיין געלאַף, ווי אַן אַלטער בלינדער
סופר —
איך לויף און פאַל — ס'הילכט אָפּ פון געטאָ־צוים צו מ'ר
אַ שאָס.

איך ליג שוין מיט אַ וואָלקן פאַרבלוטיקט אויפן שניי־פעלד —
אַן אָרעמער, צעשאָסענער, אַנטלויפנדיקער ייד;
מיט הענט פאַרבלוטיקטע איך קלויב אויפן רויטן פאַרמעט
די לעצטע שורות פון מיין יידיש ליד.

ס'איז אָנגעגרייט דער לוין פאַר מיין דורכגעשאָסן הארץ —
אַ פאַרמעט־פעלד, ווו טויט פון הימלען לויערט;
דאָ ליג איך מיטן ווינט, דאָ ליג איך אויפן פליין,
דאָ זינג איך ס'לעצטע ליד הינטער דראָטן־טויער.

1943

# האָסט אונדז פאַרלאָזט

האָסט אונדז פאַרלאָזט אויף יעדן פּיצל אָרט,
פון אַלע היימען ס'איז קיין היים נישטאָ מער;
ס'שטייט אָפן ס'האַרץ פאַר יעדן פלאַם און מאָרד,
און ס'העלפט שוין נישט די תפילה און דער יאָמער.

די ווייסל זינגט בייַנאַכט מיט לבנהדיקע גלעקער,
וואָס ליגן טיף פאַרזינקען אויף די דנאָען;
פאַרכשופט פירן אונדז די אָוונטיקע פעלדער,
ביז ס'וויקלען נעפּלען אויף די ערשטע שעהן.

ס'האָט אונדזער טויט געהייליקט דיך צו וויניק,
האָסט אונדז פאַרלאָזט אויף יעדן פּיצל אָרט,
פון אַלע היימען ס'איז קיין היים נישטאָ מער,
שטייט אָפן ס'האַרץ פאַר יעדן פלאַם און מאָרד.

1943

# אין ווינקלען

אין ווינקלען פון דער שטוב, ווען ס'איז קיינער דאָ נישטאָ
פּליסטערט צו מיר פויגל־שאָרך פון ערגאַר אַללאָן פּאָ.

דאָ הענגען אָנגעלענט אויף זון־פעדעם פון גאָלד
קראַנקע פייגל אויף די ווענט אין גראָער פאַרב געמאָלט.

דאָ קומט דער טאָג צו גיין מיט באָרוועס־קאַלטע טריט,
און קאַלטע, קאַלטע דלאָניעס וויגן מיין געמיט,

איך ווער אַריינגעוועבט אין פויגל ־ פלי פון וואַנט,
מיין האַרץ טראָגט זיך אַוועק אין וויטן, ווייטן לאַנד.

מיין האַרץ ליגט שטיל און מיד און וויל נישט מער דערגיין
פאַרוואָס מיך קוועלט שוין נישט דער אומרו פון פאַרגיין.

— — — — — —

עס זיינען אויפגעגאַנגען ווייסע נעכט און טעג,
איך בין אַליין געלעגן, אַרומגעהילט אין שרעק.

מיין וויג האָט זיך געבויגן אין קילן רויש פון בוים,
ווען פון די וואָרצלען איז גערונען זאַפטיק־זיסער טרוים.

האָט מיך געטראָגן ס'לעבן אויף זיין זילבער־וועל,
און כ'ליג ווי אַ פיש געפאַנגען אין שיפל פון מיין זעל.

איך שיף זיך איבער דיר, אָ לעבן מיינס, מיט גנאָד
און וויים נישט, אַז איך טראָג אין זיך דיין טונקלען סוד.

איך ווייס, אַז אויף מיין טראָט, אויף יעדן קליינעם שפּאַן,
איז אָנגעשטעלט דיין נעץ און כ׳מוז אין איר אַריין.

שוין ליג איך אויף דיין האַרץ און ווייס, ס׳איז קילער טויט,
ערגעץ שפּילט דער וואַלד אין שיינעם מאָרגן-רויט.

אַ פּאַסטעך-פּייפל שאַלט. וואַסער רוישט אויף שטיין.
אַ מילנער האָט געלאָזט די מיל אין ווינטן גיין...

און אונטער הימל הענגען טרעפּ צו ערגעצוווּ,
וואָס פירן מיך צו שטילקייט, צו פרידן און צו רו,

און שוואַלבן זינגען דאָ און זייער צווישער-ליד
לייגט זיך אויף מיין האַרץ און אונטער מיינע טריט.

און אָט איז אַלץ נישטאָ. נישטאָ. נישטאָ. נישטאָ.
נאָר שוואַרצער פויגל-פלאַטער פון עדגאַר אַלאַן פּאָ. — — —

1940

# מיין טאַטע

מיט וועבער־יידן דו פלעגסט זיצן שבת אין דער קלויז,
דער לעצטער האָסט די טיר פון קלויז פאַרמאַכט;
מיט פרושים פלעגסט מעשות זיך דערציילן אַ גאַנצע נאַכט,
און מיטן מאָרגנשטערן קומען אינעם הויז.

דער עול פון פרנסה האָט דיר דעם שלאָף געראַבט
און זילבער איז געלעגן אויף דיין שלייף, ווי טוי;
לעבן דיר — אַ דערשראָקענע, ווי אין הימל־בלוי
אַרומגעקרייזט האָט די מאַמע — אַ בלייכע טויב.

אָט איז דער סוף פון אונדזער הימל־ראַנד,
אָט איז דער סוף פון אַלע פריידן שוין;
מיין טאַטעס וואָרט הענגט אויף מיין קאָפּ, ווי אַ קרוין,
די בלייכע טויב וועט מיינע לעצטע טריט פאַרוויגן.

1941

# נ א כ ט

נאכט.
טראָפּנס טריפנדיקע מילך גיסט די לבנה מיר אויף די שויבן,
איך וואַרף דיר צוריק די וועלט, די וועלט איז פול מיט גרויל
און בלינד;
אונדזער גאָט איז טויט אין לבנהדיקן פליסטערן פון ווינט,
איך וועל די הימלען מיט מיין אונטערגאַנג צעשמעטערן,
צעשטויבן.

אינדרויסן טרינק איך ס'בלוט פון דיינע לאַכנדיקע שטערן,
נאַכט!
די שווערד פון פיינט ליגט שפּיציק אָנגעגרייט פאַר מיין זייט,
די ערד ליגט וויסט אויף אַלע אייביקייטן שוין פאַרמאַכט
און ווילד איך טרינק איר האַס מיט שפּאָט און צאָרן באַגליים.

די וועלט איז רייף אין איר קללה, טויטע הענגען אַלע שטערן
דער מענטש איז נישט קיין גאָט — די הימלען זיינען טיפסטער
תהום;
איך זינג ס'געזאַנג פון תהום, וואָס ס'וועט קיינער נישט
דערהערן,
ס'געזאַנג פון טויטן גראָז און אָפּגעהאַקטן בוים.

1948

# דער לעצטער שבת=שטערן

דער לעצטער שבת־שטערן לעשט זיך אויפן פירמאַמענט,
די שבת־לייכטער שטייען נאָך און גלאַנצן מיט זייער טויטן מעש,
אויפן בעט ליגט די מאַמע, אַ סנאָפּ, איינגעקנוילט אויף אירע הענט,
דער ווינט אין פענצטער דערציילט איר נאָך פונעם בעש״ט.

דער טאַטע איז נישטאָ, — אין ווינקל, לעבן קליידער־שאַנק—
ס׳כאַלעטל זיינס הענגט מיט אַ דינעם פלעק פון אָוונט־גרויל.
אין ווינקל, ווו איך ליג — ליגט שוין דער שבת טויט,
און כ׳הער דעם בעש״ט וויינען הויך אויפן קול...

1940

# אין אלקערל

אין אַלקערל האָט זיך אַריינגעזעצט אַ סאָווע,
איז זי הונגעריק און קלאָגט ווי אַ ניי־געבוירן קינד;
מיין ברודער זוכט צווישן אַלטע, געלע ספרים,
און אויף זיין קאָפּ שפּילט זיך דער פרישער יעשן־ווינט.

אין אַלקער איז קיין ברויט נישטאָ און קיין קאָרן,
די נאַכט הענגט אויף איבער פענצטער לבנהדיקע העמדער;
אויף די אַלקער־ווענט צווישן ספרים כשופט ער אַרויס
דעם וועג צו קאָרן־פעלדער און צו אומבאַקאַנטע לענדער.

איך שלאָף נישט און איך הער. דער ברודער זיצט אין בעט
אַ נאַקעטער
און זינגט דאָס ליכט, וואָס האָט ווי כישוף אים פאַרשפּינט.
אין אַלקערל האָט זיך אַריינגעזעצט אַ סאָווע,
איז זי הונגעריק און קלאָגט, ווי אַ ניי געבוירן קינד.

1941

## פ י ר

ביים טיש זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט —
אוועקגעשטעלט דריי פלאַשן שפּריט.
איינער פון זיי האָט געוואָרפן
די פויסט אַריין אינדערמיט.

אַ מעסער געבלאַנקט האָט פון טאַש אים,
געטרונקען ער האָט נאָר דעם שפּריט:
און די פויסט זי האָט זיך געוואָרפן:
אַ טויט אים, דעם „יודע“, דעם זשיד!

נאָר איינער ביים טיש האָט געשוויגן,
געשוויגן און גאָרנישט געזאָגט.
די איבעריקע דריי האָבן אַלע
געטרונקען דעם שפּריט ביז פאַרטאָג.

1940

# רויטער מאָן

אריינגעשליידערט האָט מען זיי —
אָן פענצטערלעך — דער וואַגאָן.
ערגעץ ליגט דאָס פעלד געגרייט,
וואַקסט דאָרט רויטער מאָן.

אריינגעשליידערט אינדערפרי —
לויפט איצט דער וואַגאָן.
כ'ליג אויף פעלד פאַר טויט געגרייט —
צעבליטער רויטער מאָן.

1942

# פּיאַלעטער יולי *1942*

פּיאַלעטער פּרימאָרגן אין יולי. די זון וועט שוין מאָרגן נישט
אויפגיין
פאַר די, וואָס שטייען געפּרעסטע אויבן אין אויטאָ.
די אויגן זיי זעען שוין גאָרנישט, מיט תיהשן פּתר
פאַרגליווערט,
דאָס שענסטע ליד זינגט דער הימל איבער די קעפּ פון די
טויטע.

די אויטאָס זיי שטייען פאַרלאָרנט. די מאָטאָרס זיי קלאַפּן
פאַרביסן —
זיי קלאַפּן אַ ריטמיש געביל פון ווילדע, משוגענע הינט.
די אויטאָס פאָרן אַוועק שוין, לאָמיר די אויגן פאַרשליסן —
פּיאַלעטער פּרימאָרגן אין יולי. ס'איז זומערדיק לינד.

1942

# צווי מענטשן

א לײדיקער הויף און א ברונעם,
איבערן קאָפּ — די שטערן.
זוכן די ליפּן די אויגן,
געפינען זיי דאָרטן נאָר טרערן.

טויזנטער װעלטן צוקאָפּנס,
גלאַנץ פון פאַרלוירענע װעלטן.
אַז די זון װעט מאָרגן אויפגײן,
װעט יעדער זײן לעבן פאַרשעלטן.

ס׳איז לײדיק די גאַס. נאָר בײמער
לײגן זיך װײך אויף די שטײנער.
גײען צװײ שאָטנס צוזאַמען,
צװײ זעלן געקלאַמערט אין אײנער.

בלײבן זײ שטײן. און די הענט נאָר
זוכן דעם פלאַם פון די שטערן.
זוכן די ליפּן די אויגן —
געפינען זײ דאָרטן נאָר טרערן.

1941

## אונדזער שטוב

אונדזער שטוב האָט נאָט אויסגעמיטן צו געבן ס׳טעגלעך ברויט,
ווי אַ גריל ביינאַכט ווײנט די נויט אַרוים פון אונדזערע מלבושים.
אין שענק פינצטערע דעם קאָפּ פאַרגראָבן, אַז קיינער זאָל נישט זען,
די מאַמע פלעגט אויף אירע הענט די טרערן שטיל פאַרווישן.

דינע פלאַטערדיקע שוואַלבן האָבן הינטער פענצטער געבוים
שטרוי-נעסטן פון פאַרוועלקטע, קראַנקע גראָזן.
אונדזער שטוב האָט נאָט אויסגעמיטן צו געבן ס׳טעגלעך ברויט
און, ווי הנר אין דער וויסטעניש, אונדז אַליין געלאָזן.

איך האָב געזען זיך אָנצינדן די שטערן בושה-רויט
און פאַרוועלקטע אויסגיין — בלאַסע, קראַנקע קושן;
אונדזער שטוב האָט נאָט אויסגעמיטן צו געבן ס׳טעגלעך ברויט,
ווײנט ווי אַ גריל ביינאַכט די נויט אַרוים פון אונדזערע מלבושים.

1940

# אין דער וועלט אריין

דו ביסט געלעגן דעמלט אינעם וויגל,
פארהילט אין בלאָער אָונט-שיין,
ווען ס'איז דער שונא אין דער שטוב
צו אונדז אריין.

דער שונא איז אריין אין שטוב —
די טירן אויפגעפראלט.
פון שכנס שטוב האָט זיך געטראָגן
א צעשניטענער געוואלד.

דער שונא איז צו דיר אויך צו,
געכיקעט ווי א שד.
און מיט דער שווערד האָט ער די קישנס
צעריסן אויפן בעט.

דו ביסט געלעגן דעמלט אינעם וויגל,
פארהילט אין בלאָער אָונט-שיין.
איך האָב געכאפט דיך אויף די הענט,
און ביידע מיר האָבן זיך געלאָזט
אין דער וועלט אריין,
אין דער וועלט אריין.

1941

# ווייסער קארשנבוים

דער קאַרשנבוים לעכצט צום הימל —
און איך הענג פון זיינע צווייגן אַראָפּ.
ס'טריפט אויף אים דער ווינט
מיט קילע סעדער אין ערד —
און דער הימל איז פאַרבאָרגן.

ווי קינדער גייען די מענטשן צו אים צו
און קושן זיינע צווייגן;
די קאַרשן־צוויטן זיינען זיס, ווי זיס —
ווי די קנאָפּסן פון ליכט.

זיץ איך ביים צעבראָכענעם ברונעם
אין אָוונט־גאָלד מיט דיר, מיין קאַרשנבוים.
אויף מיינע אייגענע הענט עס טראָגט מיך ערגעצווו,
אָן שטורעם, אָן בליץ, אָן ווינט, אָן טריים.

ווי זיס עס איז צו זיין אַזוי נאָענט פונעם טויט
און וויסן, אַז שפּעטער וועט אויך אַזוי זיין:
די זון, די שטערן, דער וואַלד, און די ערד,
אין בלעטער־געוויש וועט טרילן דער פויגל איבער מיר
אין אָוונט־גאָלד,
אויף אַ קאַרשנבוים,
אויף אַ בערגעלע ערד...

דיינע קאַרשנצוויטן זיינען זיס, ווי זיס —
מיין ווייסער קאַרשנבוים.

1942

—

# באלאדע פון שווארצן אדלער

אַ שטוב מיט אַ פויגל אַ שוואַרצן, וואָס הענגט דאָרט
די פליגל צעשפּרייט און געשפּאָלטן.
פינף שלעגער, פינף שלעגער ביי פויגלשע נעגל, —
דער טויט — אין דער סוואַסטיק באַהאַלטן.

די ווענט זיינען באָרדאָ, מיט רויזלעך צעבליטע,
אַ סאָפקע — אַ ווייכער געלעגער;
שוין שטייען די צווייגלעך די ערשטע פון גאָרטן,
פון גאָרטן דאָ לעבן די שלעגער.

זיי זיצן אין שכור־געפלוידער די פינעף,
דער גאָרטן ער כשופט מיט בלעטער.
און איבער די ווענט הענגען העלצער און שטעקנס
פאַר יידן אויף פריטשענע ברעטער.

אַ רויך פון ציגאַרן אויף שמאַלציקע ליפּן,
דער פויגל — פון האַס אַ פאַרצערטער.
שוין ציטערט די סוואַסטיק, די סוואַסטיק אין נעגל —
דער האַקן־קרייץ גליט אינעם געטאָ.

די אויגן זיי ווערן אים רויטער, געשוואָלן,
ער רייסט זיך, ער פּאַטשט מיט די פליגל.
ער רייסט זיך אַראָפּ פון דער וואַנט מיט די שטעקנס
און קרייזט איבער קעפּ אויס אַן עיגול.

דער שנאָבל ווערט שפּיציק און עפנט זיך ברייטער,
ער קלאַפּט אין דער אייזערנער קראַטע.
ער לעכצט נאָך אַ ייד פון דער הילצערנער פּריטשע,
אַ פּלייצע, אַ פּלייצע, אַ לאַטע...

ער רייסט זיך די פליגל, און אונטן די פינעף —
זיי זיצן און גרייטן די דרענגער.
א רויך פון ציגאַרן אויף חלבנע ליפּן —
דער אָדלערשער שנאָבל ווערט לענגער.

און אָט נים אַ סקריפּ פון דרויסן די טיר —
אַ מענטשל בלייבט שטיין איינגעבויגן,
אַ מענטש אין אַ בינטעלע ביינער באַהאַלטן,
און שרעק, ווייסע שרעק אין די אויגן.

אַ הילכיק געלעכטער צעקייכט האָבן אַלע —
פינף ווילדע, צעקייכטע געלעכטערס,
ווי ס'וואָלטן טייוולאָנים זיך פינעף געהוידעט
אויף בוזיםס פון שדישע טעכטער.

שטייט דאָ — אַ פּלייצע. און אויף איר — אַ לאַטע —
דער אָדלער, דער אָדלער דער שוואַרצער! —
ר' עוזרל קלעזמער פון ווליון לעבן וואַרטע
גערופן ארויף איז פון קאַרצער.

און אַלע זײַ װאַרטן, די פֿינעף, זײַ װאַרטן,
און יעדער אין האַנט האַלט דעם שטעקן.
דער אָדלער, דער אָדלער מיט סװאַסטיק ער פּאַכעט:
— טײַװולאָנישער יודע, פּאַרעקע!...

1943

# אין דער קאַמער

שוואַלבן סטראָיען ציטערדיקע פֿידלען פֿונעם אָוונט —
און אפֿשר וויינען זיי אַזוי איבער אונדזערע קעפּ?
אין וועלדער איז אַוועק די זון אונדז דאָרט באַקלאָגן —
ס'ווערט אָפּגעהאַקט דאָ יעדע שוועל און טרעפּ.

פֿאַרפֿלאָנטערט איז דער ווינט אין וואָלקנס אין דער הויך —
וואָס וועבט זיין קלאָגן איבער דאַך?
אַ שאָד דאָס וואָרט, די תּפֿילה אינעם ווינט —
ס'הענגט איבער דיר די האַק פֿון תּליונס נאַכט.

טויזנטער פֿאַרנאַכטן אָנגעצונדענע אין גאָלד —
זיי וועלן הענגען איבער בליענדיקע ביימער-קרוינען.
איבער אונדז — שוואַלבן סטראָיען פֿידלען פֿונעם טויט,
דאָס מעסער קומט און וועט קיינעם שוין נישט שוינען.

אַ וואָרעם ליגט אין זאַמד באַהאַלטן פֿונעם שטורעם —
פֿאַר דיר — אָ, ווו איז איצט דער וועג?
שוואַלבן סטראָיען פֿידלען פֿונעם טויט —
צי הערסטו ווי ער שאַרפֿט שוין טויזנט העק?

גועסט נישט אַרויס. אַ שאָד דיין מי, די נויט,
אויף פֿענצטער-קראַטע זינגען ס'לעצטע מאָל די פֿייגל.
שטיל סטראָיען זיי די פֿידלען פֿונעם טויט —
און וויינען אויף געטאָ-הריגה.

אַ פֿלעדער = מויז — די שרעק אויף שוואַרצער נאַרע,
צוקאָפּנס — רוקזעקלעך און טרויעריק וועג=געפּעק.
דורך שמאָלע פֿענצטערלעך פֿון פֿינצטער=נאַסע צעלן
שפּראָצט אויף די ווענט אַ ווילדע, ווייסע שרעק.

אַ ווילדע נאַכט פֿון זיפֿצעניש און טרערן
ליגט איינגעצוימט מיט ווינט אין די פּלאַנעטן.
אַ הימל מיט טויזנט שווינדזיכטיקע שטערן —
די לעצטע טרער וועט דיין הייסע האַנט פֿאַרגלעטן.

ליגסט אויסגעשפּרייט אויף נאַרע, נאָר די אויגן —
זיי הענגען שוין אויף ברעטער פֿונעם שחיטה=וואָגן.
ס'איז שחיטה=חלף, וואָס ס'שאַרפֿט דער ווינט אינדרויסן —
אָ, ווער וועט אונדז קומען ראַטעווען פֿאַרטאָגן?

פֿרידלעכע חלומות. מיט האַלב=פֿאַרמאַכטע אויגן
און ברעמען איינגעטונקענע אין הייסן בליי
חלומט מען פֿון סעדער, וואָס בליען אויף די פֿעלדער,
פֿון וואַסערלעך, וואָס ריזלען פֿרום און שטיל פֿאַרביי,

פֿון מלבושים, וואָס מען האָט אין שאַנק געלאָזן —
איצט גייען זיי אַליין אַרויס פֿון די שענק,
אָין אויסגעפּולט איז יעדעס מלבוש מיט אַ פּנים, —
אינמיטן שטוב — אַ רויטלעכע לבנה הענגט.

און אַלע די מלבושים מיטן אַלטן מעבל —
זיי קלאָגן איצט פאַרבאָרגענע אין שלאָף.
אין חלום אויף דער פּריטשע אין דער צעלע —
דאָס קראַנקע האַרץ צעפלאַטערט ווי אַן עוף.

פלאַטערט עס און וויל אַרויס דורך קראַטעס
און פאַטשט מיט פליגל אין די נאַסע ווענט.
בלייבן הענגען אויסגעשטרעקט אין חלל
פון שלאָף אַרויס — די דאַרע, געלע הענט.

אָט שטייט אַ קינד אויף מאַמעס האַרץ אין חלום —
ער נעמט דאָס העלדזל זיינס אַרום און וויינט.
— מיין בערעלע, מיין זיסעלע, זאָל מיר זיין פאַר דיין פּיין,
ווו ביסטו אין דער וועלט אַוועק אַליין?

איצט ביסטו דאָ, געזונט אַזוי און פריש —
ער קושט די צעפּעלעך מיט רויטן באַנד געפלאָכטן.
טויזנט מאַמעס קושן אינעם קראַנקן שלאָף:
די, וואָס ליגן ערגעצווו געשאָכטן.

מיט חלום־פרייד, מיט קושן און מיט טרערן
די נאַכט פאַרגייט די יידן אין דער קאַמער.
נאָר איך, איך גיי אַרום שלאָפלאָז און פאַרלוירן,
ס'האָט אויפגעבונדן מיך דער צאָרן און דער יאָמער.

ס'איז נאָר דער ווינט וואָס סטראָיעט אָוונט־פידלען
אויף קראַטע־צוים ווי איבער שוואַרצע נאָטן.
אָ, פאָלק, מיין פאָלק, ביסט טויזנט מאָל געשמיסן —
צי וועסטו אויפשטיין פון דייַ טויטן שאָטן?

1944

## אהערגעבראכט האָט אונדז
## דער טויטער ברונעם

אהערגעבראכט האָט אונדז דער טויטער ברונעם,
דאָס סודותפולע קול פון שטערן אויפן פירמאַמענט:
ווי דעם נאַכטפויגל אויף צווייג די דינע פליגל —
ציטערן איבער דיין אײדלען האַלדז מיינע הענט.

בלעטער־רויש און כשופדיק געפליסטער
נעמען אונדז אַרום באַהאַלטענע אין שאָטן.
די שטאָט ליגט טויט. דורך פינצטערניש די שטערן
זיי הענגען אויפגעהאָנגען ווייטע און פאַרבאָטן...

מיר וועלן דאָ אין איינזאַמקייט פאַרשטיינערט בלייבן,
אויף טויטן־ברונעם ליגן ביז באַגינען —
דער נאַכט־ווינט וועט דערציילן שפּעטער אויף די צווייגן,
ווי ס'האָט דער טויט אונדז ביידע דאָ געפונען.

1943

# די אויגן דיינע זיינען גרין...

די אויגן דיינע זיינען גרין —
צוויי קוועלעכלעך שטיל אַרומגעזוימט מיט גראָז;
אין זייער שאָטן שפּילט דאָס וואַרעמע אָוונט־גאָלד,
ווי איבער הויכע, טרויעריקע בעריאָזן.

די אויגן דיינע זיינען גרין, —
צוויי קוועלעכלעך פאַרשפּרייטן פרישע וואַסער־טראָפּן;
ליג איך דאָרט אין אָוונט, צווישן גראָז,
און גרינע קוועלעכלעך זינגען מיר צוקאָפּנס.

ס'איז גוט אין אָוונט־פינצטערניש אַליין
צו טרינקען קילן וויין פון דיינע גרינע אויגן;
איך ווער אַליין אַ טרויעריקע בעריאָזע,
וואָס ציטערט איבער קוועלעכלעך געבויגן.

1943

# הינטער דיין פארמאכטער טיר

הײנט ביסטו מיר, װעל איך דיר גאָרנישט זאָגן,
גאָרנישט זאָגן און אַרױסגײן שטיל.
כ'װעל אַפּילו די אױגן נישט עפֿענען,
זאָלן זײ הענגען אױפֿן דיל,
אַזױ שטיל,
אַזױ שטיל.

הײנט ביסטו מיר, מיר נאָכן װײנען.
שטעל איך זיך בלױז הינטער דײן פֿאַרמאַכטער טיר.
איך װיל נישט שטערן דיר אין װײנען,
װעל איך שטײן אַזױ הינטער דײן פֿאַרמאַכטער טיר,
אין דרױסן הינטער דער פֿאַרמאַכטער טיר,
און אױכעט װײנען...

1943

* * *

כ׳וויים נישט פֿאַרוואָס דו זאָגסט אַזוי,
איך ווייס נישט פֿאַרוואָס די שווייגסט אַזוי פֿאַרביסן;
מיין יעדעס וואָרט דו וואַשסט מיט טרערן אָפּ
און ווילסט מיין ליבשאַפֿט נישט אין זיך פֿאַרשליסן.

איך ווייס נישט וואָס דו ווייסט. און אפֿשר גאָר
איז שווער דיר די ליבשאַפֿט פֿון מיין האַרץ;
ס׳איז שווער דיר פֿון אַ יידישן פּאָעט
צו הערן רייד, וואָס זיינען רייף מיט צער.

נישט איינמאָל, אַז איך גיי אַוועק פֿון דיר,
האַלט איך נאָך אין מיינע הענט דיין קאָפּ פֿאַרמאַכט:
די שטערן זיינען נאָענט און הענגען איבער מיר,
ווי דיינע אויגן שלאָפֿלאָזע אַ גאַנצע נאַכט.

1942

# צו שפּעט

פאַרן פענצטער — אַ פּיצעלע הימל,
אַ פויגל — ער היפּעט אויף ברעט
און קלאַפּט מיטן שנאָבל אין שויב אָן:
— צו שפּעט — צו שפּעט — צו שפּעט —

אַ פּיצעלע וואָלקן פאַרביישוויִמט,
אַ פּיצעלע זון אויפן בעט.
נאָך היפּעט אינדרויסן דער פויגל
און טשירים: צו שפּעט! צו שפּעט!

וואָס איז אַזוי שפּעט דיר, מיין פויגל?
וואָס איז דיר אַזוי שוין צו שפּעט?
צי אפשר פאַרשטיי איך נישט טאַקע
דיין לשון, דיין פויגליש גערייד?

מיין פּנים הענגט איבערן הימל,
מיין אויג זאַפּט די וואָלקנדלעך איין,
און איבערן פענצטער־ברעט היפּעט
דער גראָער פויגל אַליין.

מיט אויגן פאַרמאַכטע איך זע נאָך —
דער פויגל ער היפּעט אויף ברעט,
דערנאָך גיי איך אויס ווי דער וואָלקן
און פליסטער אַליין שוין: צו שפּעט...

1943

## יעדעס מאָל

יעדעס מאָל, ווען כ׳גיי פון דיר אַוועק, *
וואָלט איך זיך לעבן ברונעם אָפּגעשטעלט —
ווען נישט דאָס אַלץ, וואָס הענגט איצט אויף אונדזער קאָפּ,
ווען נישט די גרויסע, איינגעצוימטע וועלט.

אויף דיין בלייכן האַלדז ליגט מיין טרער,
לאָז איך זיך אַראָפּ צופוסנס פון אַ שוועל.
דאָ וועל איך בלייבן, ס׳זאָל קיינער מיך נישט זען,
נישט דערמאָנען מיך אין מיין פאַרשאָלטענער זעל.

מיין זעל איז טריב און טראָגט אין זיך די קללה
פון יעדן וואָרעם אין טיפעניש פון ערד;
איך וויים: דיין האַנט איז קליין, און דיינע דינע פינגער
זיי בריען מיינע אויגן, פול פאַרטרערט.

1943

## אַ מענטש

אַ מענטש מיט צוויי עמערס נאָך וואַסער
גייט ביינאַכט צום ברונעם אַראָפּ.
הענגט מיט קילן לויטערן כשוף
דער לבנה, ווינט אויף זיין קאָפּ.

דאָס וואַסער איז גרין אין די עמערס,
און ס'שווימען אַרום דאָרט צוויי שטערן, —
צוויי שטערן פון הימל זיך טרינקען
און ווילן נישט פינקלען אויפהערן.

צוויי שטערן זיך טרינקען אין עמער
און לייכטן פון וואַסער אַרויס,
נעמט ווינט דעם מענטש ביי די אַקסלען
און פירט אים אין ליידיקן הויז.

דער עפּל־בוים שטייט אינעם גאָרטן
און האַלט די לבנה געפאַנגען,
דער מענטש אינעם ליידיקן הויז
האָט די שטערן אויף ווענט אויפגעהאָנגען.

1943

# צו א פרעמדער פרוי
# אין א צעריסן קלייד

כ׳בין טרויעריק דערפאַר ווייל כ׳האָב דיך ליב.
(די ליבשאַפט איז דער גרעסטער טרויער אויף דער ערד),
איך טרינק אין דעמערונג דאָס ליכט פון דיר,
(די ליבשאַפט איז דאָס גרעסטע ליכט,
ווען די דעמערונג פאַלט אויף אונדזער פּנים
ווייך פאַרטרערט),
אָ, פרעמדע פרוי אין צעריסן קלייד.

אָ, פרעמדע פרוי פון ווענן איינגעזונקענע,
פון טאָפּאָליעס הויכע, דאַרע אין ווינטן אויפגעגעסענע,
אויף פעלדער גייסטו זינגענדיק:
פון שטילע וואַסערלעך, וואָס ריזלען סודותדיק
אַרום אַ בוים, וואָס האָט זיין צווייג צעבראָכן
אין הייסן בליץ פון שטורעם,
איך גיי נאָך דיינע נאַסע טריט, אָ פרעמדע פרוי
אין קילן מאָרגן רויט,
ווי די חיה, אַרויסגעטריבן פונעם ווילדעניש,
גייט זיך אָנטרינקען ביים זונאויפגאַנג —
אָ, פרעמדע פרוי.

1943

# אוונט־ליד

מיין לעבן איז פארלוירן, נאָט,
פארלוירן.
און דאָס וואָס איז געווען מיר נאָענט —
איז אויך אוועק,
ווי טונקלער רויך
איבער וויסטע פעלדער.
איבער וויסטע פעלדער.

דער עלנט פון מיין לעבן איז מיר שווער,
שווער צו טראָגן.
איך זיץ אויף שוועל
אין אָוונט־דעמערונג
און זע —
אוועקשווימען צו אַן אנדער ברעג מיין זעל,
מיין מידע זעל.

א שאָטן איז געווען מיין טרוים,
א לאָגל ווייַן — דאָס טרויערן.
איצט וואַש איך מיינע הענט
און קיל די אויגן
מיט לעצטער שיין פון אונטערגאנג,
וואָס ברענט
אויף מיין פנים.

1943

# וואָר

•

איך האָב אפילו נישט קיין בילד פון דיר,
נישט פון דיינע אויגן, נישט פון דיינע האָר.
בלויז אין טונקל פון אַ וואָלקן - זוים
ווערסטו ווידער אמתדיקע וואָר.

ס'איז גאָרנישט מיר געבליבן נאָך מיין קינד,
אפילו נישט די הוילע ראַם פון בילד.
אומגעריכט אַזוי איז אַלץ געקומען דאָ —
אומגעריכט און ווילד.

ס'איז גאָרנישט מער געבליבן מיר אין לעבן —
(אַ מענטש דאַרף האָבן מיט וואָס די טרער אָפּצווישן) —
חוץ שפּילצייג אינעם שופלאָד, חוץ אין דער שאַנק
נישט געטראָגענע, קינדערשע מלבושים.

ווען כ'וויל אַמאָל דיך אָננעמען ביי דיין האַנט,
און מיינע פינגער זאָלן וויקלען דיינע האָר —
באַהאַלט, איך זיך צווישן די מלבושים אין דער שאַנק —
ווערסטו ווידער אמתדיקע וואָר.

1942

# אין נאַטס הויז

אין איין האַנט אַ טאָרבע,
אין צווייטער — אַ הילצערנעם שטעקן.
כ'וועל לאָזן אויף וועגן זיך גיין,
אויף וועלטס אַלע פיר עקן.

כ'וועל אויסמיידן אָפענע שטעט,
דאָס פּנים מיט הענט זיך פאַרדעקן;
איך זאָל נישט די קינדער פון גאַס
מיט מיין פּנים דערשרעקן.

כ'וועל שלאָפן אין ליידיקע שייערס,
אין איינזאַמע ליידיקע מילן;
מיט שוואַלבן־געפּליסטער אין אָוונט
מיין נאָגעניש אין זיך פאַרשטילן.

דערנאָך וועל איך ווידער דיך זוכן,
דיין שאָטן, וואָס איז מער נישטאָ;
אַ בלאָער וואַלד וועט מיר ענטפערן:
אָהאָ! אָ־האָ! אָ־האָ!

און שטאַרבן, און שטאַרבן איך וועל שוין
ערגעץ ביינאַכט אין אַ קלויז
מיט הייליקע ספרים צוקאָפּנס,
ווי אַ גריל — אין נאַטס הויז.

1943

# דעם טאָג כ׳וועל נישט פאַרגעסן

דעם טאָג כ׳וועל נישט פאַרגעסן. דער יונג פון טויטן־וואָגן
אַרויפגעקומען איז דיך צונעמען פון אונדזער שטוב אויף
אייביק.
אַז ער איז אַריין, האָב איך געוווסט: ס׳איז סוף פון אונדזער
לעבן,
ערד און הימל שטייען פאַר מיר ליידיק, ליידיק.

איך האָב געבעטן אים, ער זאָל מיט דיר זיך אומגיין איידל,
ס׳זאָל אויפן וועג דיר, חס ושלום, גאָרנישט נישט געשען...
ער האָט געליינט דיך אינדערמיט, צווישן צווייען, אויפן
וואָגן —
מיין האַרץ איז, אויך דאָס פערטע טויטן־האַרץ געווען.

ווי ווייניק איצט אויף מיר די געטאָ־הימלען —
נאָר אַליין זיצט שבעה אין פאַרדעקטן שפּיגל. —
ווען ס׳איז דער אָוונט — שטערן אויפגעגאַנגען,
בין איך געשאָכטן נאָך געלעגן אויף דיין ווינגל.

1940

# אַ בריוול

כ׳שרייב אַ בריוול צו מיין קינד,
וואָס איז מער נישט הי.
קרייט דער האָן אויפן פּלויט:
— קי - קע - רי - קי!

ס׳קרייט דער האָן אויפן פּלויט
צום הימל גלייך אַרויף.
צווישן גראָזן ליגט מיין קינד,
צווישן גראָזן שלאָפט.

קומט ווען אָן אַ ווינטעלע,
אַ ווינטל ווייך צעפּלאַמט —
ברענגט עס פון פאַרדאַרטן גראָז
אַ גרוס פון שטיין און זאַמד.

ווער איך האָפּערדיק און מיין —
די וועלט האָט זיך צעבליט.
שרייב איך אָן אַ בריוועלע
מיט שורות פון אַ ליד.

ערד און הימל, טויט און בלוט,
ווער קאָן דאָס פאַרשטיין?
די לבנה מיטן פויגל
אין די צווייגן וויינט.

כ׳שרייב אַ בריוול צו מיין קינד,
וואָס איז מער נישט הי.
קרייט דער האָן אויפן פלויט:
— קי־קע־רי־קי!...

1940

## שטערן און שפּילצייג

אין שופלעדל דיין שפּילצייג
ליגט אזוי פאַרשעמט.
סיט שטערן כ׳לאָז זיך וואַנדערן
אָן מלבוש און אָן העמד.

וואָס דאַרף אַ מענטש אַ בגד?
וואָס דאַרף אַ מענטש אַ קלייד?
בלויז שטערן אין דער פינצטערניש,
בלויז שטילע, שטילע רייד.

איך לאָז סיט אַלע ווינטעלעך
אוועק זיך אין דער פרעמד.
אָ, נאָט, אָ, נאָט, מיין איינציקער,
וואָס האָסטו מיך פאַרשעמט?

1940

## אַלץ געדענקט

אַלץ געדענקט: ס׳געדענקט דער בוים, דאָס גראָז געדענקט,
דער פויגל אויפֿן בוים געדענקט דיך אויך.
דו האָסט די אייגעלעך פֿאַרזשמורעט דיין
און נאָכגעקוקט ווי ס׳קרייזלט זיך דער רויך.

דער רויך איז דאָ. דער בוים איז דאָ. דער פויגל אויך:
אַ ווינטעלע גיט טיילמאָל אויך אַ בלאָז.
איך זיץ אין גאָרטן - ווינקל מיט דיין שאָטן נאָך
און — ריים די האָר מיר פֿון מיין קאָפּ.

1940

# ליכט נאָך דיין זעל

כ׳האָב אויסגעטאָן די שיך און אָנגעצונדן ליכט,
ליכט אָנגעצונדן און זיי ברענען העל;
די ליפּן מיינע מורמלען פּסוקים תהילים
נאָך דיין פלאַטערדיקער, ווייסער, קלאָרער זעל.

איך וועל אַ גאַנצע נאַכט זיצן שוין מיט דיר,
נישט אויפהערן צו זאָגן פּסוקים תהילים.
און בעטן כ׳וועל די נאַכט, זי זאָל שוין קיינמאָל מער
דיין פּנים נישט פאַרדעקן, נישט פאַרהילן.

כ׳האָב אויסגעטאָן די שיך און אָנגעצונדן ליכט,
און וואָלט אַזוי אַ לעבן לאַנג מיט דיר געזעסן;
זאָג איך פּסוקים תהילים און באַהאַלט ס׳געזיכט,
דער מאָרגן זאָל אין מיין געביין פאַרגעסן.

כ׳האָב אויסגעטאָן די שיך און אָנגעצונדן ליכט,
ליכט אָנגעצונדן און זיי ברענען העל;
קומט פון יעדן אות אַרויס פון די פּסוקים תהילים —
דיין פלאַטערדיקע, ווייסע, קלאָרע זעל.

1941

## דער רעגן־בויגן שטאַרבט נישט

דער רעגנבויגן
שטאַרבט קיינמאָל נישט אויף אונדזער הימל.
מיין קינדס אָוונטיקע, שטילע אויגן
טרינקן אוים דעם קילן טויט,
ווי אַ זילבער־פליגעלע פון אַ בלומען־בעכער,
אין שיינעם רעגנבויגנדיקן דרימל.

איך צייל אין פינצטערניש די טעג —
די ספירה פון מיין יאָמער.
דיין שפילצייג ליגט פאַרוואָרפן,
ווי שטערן טויטע, אין דיין קאַמער,
וואָס וואַרטן אויף זייער קבורה.

ס'איז נישט אמת, אַז ביסט טויט,
מיין האַרץ — עס ליגט צוזאַמען מיט דיר אין דער וויג.
און ביינאַכט —
איך פליסטער דיר מיינע הייסע פאַטערלעכע רייד,
אַז דער רעגן - בויגן
שטאַרבט קיינמאָל נישט אויף אונדזער הימל.

1940

## געטאָ־וויג־ליד

**דוד בײַגלמאַן**

מאַך צו די אײַנעלעך,
אָט קומען פֿײַנעלעך
און קרײַזן דאָ אַרום צוקאָפּנס פֿון דײַן וויג,
דאָס פּעקל אין דער האַנט,
דאָס הויז אין אַש און בראַנד —
מיר לאָזן זיך, מײַן קינד, זוכן גליק.

די וועלט האָט גאָט פֿאַרמאַכט,
און אומעטום איז נאַכט —
זי וואַרט אויף אונדז מיט שוידער און מיט שרעק —
מיר שטייען ביידע דאָ,
אין שווערער, שווערער שעה,
און ווייסן נישט וווהין ס'פֿירט דער וועג.

מען האָט אונדז נאַקעט, בלויז,
פֿאַריאָגט פֿון אונדזער הויז,
אין פֿינצטערניש געטריבן אונדז אין פֿעלד,
און האָגל, שניי און ווינט
האָט דיך באַגלייט, מײַן קינד,
באַגלייט דיך אין אַן אָפּגרונט פֿון אַ וועלט.

1940

# דער צאָרן אין מײַן אויג

זיי זײַנען אַראָפּגעפאַלן אויף אונדז,
די טעג,
פון תּהום,
פון פינצטערניש,
און פון אַ בייזן גאָט.

מיר האָבן אונדזער תּפֿילה נישט דערזאָגט —
אויף יעדער שוועל,
אויף יעדן שטיין,
אין יעדער טרער.

ס׳ברענט דער צאָרן אין מײַן אויג
מיט פייערן פון טויט:
יעדער שטראַל — אַ חלף:
ער וואַרט אויף אונדז,
ער וואַרט אויף יעדער טרעפּ —
און מיר,
מיר וועלן שוין נישט עפענען דאָס מויל
מיט תּפֿילה צו דיר, —
די פאַרשעמטע תּפֿילה צו אַ בייזן גאָט.

1941

## צוואה פון ליבט

ניִשט דאָס בלוט, ניִשט דאָס פלייש,
וואָס געמיסטיקט אויף פעלד —
איז דער שכר פון דיין פיין,
איז דער שכר פון דיין וועלט.

ניִשט דאָס מעסער, ניִשט די רוט,
ניִשט דער חלף, ניִשט די שאַנד —
איז דער שכר אויף דיין וועג,
איז דער שכר פון דיין לאַנד.

ניִשט די שטריק, ניִשט דער רויך,
ניִשט די תליה, ניִשט דער דראָט —
איז דער שכר פון דיין בלוט,
איז דער שכר פון דיין שפּאָט.

נאָר צוואה פון ליכט,
וואָס אין האַרץ גליט און העלט,
איז דער שכר אויף דיין וועג,
איז דער שכר פאַר דיין זעל.

1945

# די שיינקייט פון דער וועלט

די שיינקייט פון דער וועלט איז ביי אונדזער שוועל נישט
געשטאָרבן,
די תפילה אויף אונדזער מויל האָסט נישט פאַרוועלקט
געפונען.
אויף אונדזער צונג ברענט נאָך פון ליכט אַ ווייסער צייכן,
פון ליבשאַפט מענטשלעכער, און נישט פון שנאה.

אין זוימען פונעם בלוט וועט אויפגיין צוריק די וועלט,
אין זוימען פונעם ליכט, וואָס שטאַרבט נישט אויף דער ערד.
אין זוימען פונעם בלוט ליגט חלום און נצחון,
די שיינקייט פון דער וועלט — דורך שנאה נישט פאַרצערט.

אין שאָטן — טאָל איך הער דאָס קול פון אַלע ביינער,
און יעדעס גרעזל דאָ — מיין הייליק, גרויסער וואָפן.
אין זוימען פונעם ליכט, וואָס שטאַרבט נישט אויף דער ערד,
אין זוימען פונעם בלוט, — ליגט חלום און נצחון.

1946

# די טרייסט אויף בלוטנדיקן ליים

נאַקעטע, פאַרברענטע געסעלעך פון מיין טויטער היים —
עס יאָמערט שוין נישט מער אויף אייך מיין גייענדיקער
טראָט.
אַ בלאָע טרייסט גייט ־ אויף אין מיין הארץ פון דיין פאַרבלו־
טיקט ליים,
און ס׳שמייכלט צו מיר איצט אַ נייער, פרילינגדיקער גאָט.

איך האָב די טרייסט געפונען אין יעדער ברענענדיקער וואַנט,
ביי יעדן יידיש הויז, וואָס איז געוואָרן שאַרבן;
הויך זינגט צו מיר די טויטע פויסט פון יעדער האַנט —
דער נייער יידן ־ טויט, דאָס הייליק יידיש שטאַרבן.

אין יעדן זעמדל כ׳לייען, ווי מיינע עלטער ־ זיידעס
אויף אַלטן, געלן פּאַרמעט — דעם דורותדיקן סוד;
איך ברויך נישט קיין מצבות זיי זאָלן זיין אַן עדות, —
ס׳איז יעדעס זעמדל דאָ — אַ פייער ־ זייל צו גאָט.

דאָס גראָז עס בליט שוין אויף פאַרברענטן זאַמד
און ס׳זינגען מיינע ברידער אויף די ציגל ־ גרוזעס;
איך זע דעם אַלטן דאָרן ברענען אינעם פלאַם —
אַ לויכטנדיקער שדי פון פאַרסמאַליעטע מזוזות.

דאָס הארץ מיינס כ׳טראָג אַקעגן ווי אַ ברענענדיקן טאָוול
צום פלאַקערדיקן דאָרן אין מיין טויטער היים;
און ווי אַמאָל, אַמאָל ביי די וואַסערן פון בבל,
גייט אויף אין מיר די טרייסט אויף בלוטנדיקן ליים.

1947

# פאַרגיב מיר,
# הייליקער שאָטן פון מיין פאָלק

פאַרגיב מיר, אָ הייליקער שאָטן פון מיין פאָלק,
וואָס כ׳פאַרגעס אין גרויסן טויט און דיינע קברים;
איך זוך אין פינצטערניש, וואָס וויקלט מיינע פּיס,
און אויסגעשטרעקטן, ברידערלעכן אָרעם.

ווער וועט זיין אָרעם אויסשטרעקן ביינאַכט
איך זאָל אין פינצטערניש נישט פאַלן?
איך וואַרט עס זאָל דער הימל מיך באַגינען
אויפסניי געבוירן אינעם בלוט פון שטראַלן.

פאַרגיב מיר, שאָטן הייליקער פון פאַרשניטן פאָלק,
וואָס כ׳האָב שוין נישט די טרער מער צו קלאָגן;
מיין אָפּל איז שוין בלינד פון געוויין און צאָרן
און כ׳וואַרט, אַז ס׳זאָל אָנהויבן צו טאָגן.

אפשר וועט אַ ליכט מיך ווידער היילן,
אפשר וועט די ערד זיך עפענען מיט טרוימען;
פאַרגיב מיר, שאָטן הייליקער פון אונדזער פאָלק,
און בענטש מיין טראָט, איך זאָל דאָס ליכט נישט פאַרזוימען.

1948

# מיין האַרץ - אַן אוּונטיקער טונקלער ברונעם

מיין האַרץ איז אַן אוּונטיקער טונקלער ברונעם,
און ס׳טליעט אין זיין טיפעניש אַ שטערן — מיין בטחון;
אויף יעדן שטיין נאָך גליווערט ס׳בלוט פון פנים,
מיין שאָטן זיצט פאַרקלעמטערהייט, צעבראָכן.

נאָר ס׳איז די ערד הייליק אונטער מיינע פיס,
ווייל דאָ — דיין דור געקומען און פאַרגאַנגען;
כאָטש ס׳בריט די ערד דאָ אויף מיין ברוסט —
וועט אויפגיין אונדזער פעלד מיט נייע זאַנגען.

און כאָטש ס׳איז יעדע זאַנג דאָ פול מיט טרערן,
זינגט דער רעגן אויפן פעלד שוין ווידער;
ער וועט נישט אָפּוואַשן פון דאַנען אונדזער קערן, —
צום ליכט פון נייעם דור און נייע לידער.

איך ווייס שוין ווו איך זאָל מיין בליק איצט ווענדן,
ווען נידעריק עס הענגט דער נעפל אויף מיין ברונעם;
אָ, וואַרף אויף מיר, דו נאַכט פון שרעקן,
דאָס ליכט דאָס גרויסע אויף מיין יידיש פנים.

1948

# ליבטנדיקע שטערן

כ׳בין אויפגעגאנגען אין מיין קינדהייט מיט מיין טאטנס פויסט
און ס׳ערשטע ליד געוואשן אין מיין מאמעס טרער.
ווער ס׳האט אויף אונדזער שוועל געברא־ט דאס שטיקל ברויט —
האט אויך די זון געבראכט אויף אונדזער טריבער ערד.

מיין פרילינג האט געבליט צווישן מיסט און מייז,
צווישן טויטע שטערן — מיין קינדערישע וועלט.
בלויז וואלקנס האבן שלאפלאז געצאפלט אויף מיין ברעם,
באוואכט מיט בייזע קללות אונדזער וויסט געצעלט.

דערלאנג מיר איצט דיין האנט, דערלאנג מיר איצט דיין פויסט,
און בענטש דער מאמעס קאפ, וואס איז אין טויט פאר־פייניקט.
ס׳איז יעדע אירע טרער געווען א זוימען בלויז,
וואס האט אויף טריבער ערד מיט גלויבן אונדז פארייניקט.

דער טויט איז נישט אומזיסט. איך זע דיין פויסט נאך הענגען —
זי גליט נאך אין מיין הארץ ווי אין די קינדער־יארן;
פון בריענדיקער טרער — עס שפראצן ווידער גראזן,
די ליבשאפט וואקסט ארויס פון אונדזער האס און צארן.
1947

ווייל ס'איז אַ נס געשען — אַ נס פון ליכט און ברויט,
געהייליקט האָט די וועלט זיך אין אַלע אירע טרערן.
כ'שטיי אויף פֿון דיין אַש — און פון דיין בלוט און טויט
גייט ־ אויף די ערד אויפסניי מיט לויכטנדיקע שטערן.

1947

# די גרויסע בשורה

ח. ווידאַווסקי

...דאָ האָט אַ קינד פון פאָלק אין תהום פון טויט און בושה
אַ ווייסן טרוים געחלומט — אַ פעלד מיט ווייסן צווײַט;
אין אונטערערדיש־קעלער פון פינצטערניש געזויגן
די ערשטע רייד פון גאולה: „טו מווי ראַדיאָ „שוויט"!..."

— „טו מווי ראַדיאָ „שוויט"!... — און ס׳בויגן זיך די שאָטנס
אַריבער די פאַפירלעך ווי אויף אַ גמרא־בלאַט;
— צי הערט איר אונדז, צי הערט איר, פעלקער פון אייראָפּע?
ס׳מאַרשירט צו אייך אַרמיי פון פרייען סטאַלינגראַד!!"

עס האָט דאָס קול פון חלל געשפּאָלטן אין דער קאַמער
די פינצטערניש וו׳אַ דימענט, וואָס שפּאַלט דאָס דיקע גלאָז;
און פונעם תהום אַ כשוף מיט טרייסט איז אויפגעגאַנגען
און דעם תהום געהייליקט מיט געהיימען אות.

אין טויטן־קעלער אונטן צעפּלאַטערט שטיל דאָס שפּינוועב,
אַ זון איז אויפגעגאַנגען — זיי האָבן זיך צעוויינט!...
ווידאַווסקי שטייט אינמיטן, קושט אַלע אין דער פינצטער,
— ברידער, ברידער טייערע, מיר זיינען נישט אַליין!...

— „טו מווי ראַדיאָ „שוויט"!..." — אַ שטראַל האָט ווי אַ פּירל
לאַנג געשפּילט אין קעלער פון דלת על דלת;
פון אונטערערדיש וואָרט — אַ פייערזײַל צעאַקערט
דעם טויטן פליין אַרום אין ווײַסטן נעטאָ באַלוט.

ווידאַווסקי שטייט אין חושך און נאָך די הייסע טרערן
זיי פאַלן אויף די הענט אים ווי גליענדיקע זונען;
זיי וויינען אַלע שוין — אָן אונטערערדיש כליפּען,
אין פינצטערניש זיי האָבן די גרויסע טרייסט געפונען.

ער לויפט דורך הייף און געסלעך צו זיין אַלטער מאַמען,
וואָס גוססעט אויף דער פּריטשע — אַ שווערן טויט פון
הונגער;
און ס'פליט פון האַרץ די בשורה — אַ שוואַלב אַ פלאַטער -
דיקע,
וואָס קרייזט אויף טויטן - בעט און הויבט איר אָן צו זינגען.

ער וואָלט אַרויסגעלאָפן אויפן הייליק פעלד,
פאַרטרויען זיי דעם סוד, די אַלע געטאָ - טויטע,
ס'זאָל גרינגער זיין די ערד זיי מיט דער גרויסער בשורה
פון אונטערערדיש וואָרט, וואָס גייט מיט שרפות רויטע.

ער קלאָגט שוין אינעם זאַמד מיט זיין הייסער תפילה,
ס'האָט אפשר זיך דאָס פאָלק פון טויטע זיך געמיט;
אָט ליגט ער אויפן זאַמד און מורמלט ווי אין קעלער
דעם שפּרוך דעם הייליקן: „טו מוווי ראַדיאָ „שוויט"...

דערווייל ער שטייט ביים בעט, ווו ס'ליגט די אַלטע מאַמע,
עם ברענען נאָך אין גסיסה די טויטע אויגן אירע;
און פון איר טויטן-בעט ער לויפט דורך הייף און געסלעך
אָנזאָגן דעם פאָלק די גרויסע, גרויסע בשורה. — —

1947

# באַלאַדע פון אַ טויטן-הויז

צי זעסטו די לבנה-קעפּ שווימען אין דער ווייסל?
דאָס זיינען זילבער - קעפּ פון קינדער און פון זקנות.
לייג צו דיין יידיש האַרץ צום שטיקל ערד ביים ברעג,
דער כוואַליע-רויש — פון אונדזער הויז ס'געוויין איז.

מיט יעדן זילבער - צאַפּל פון נאַכטיק - שטילן טייך
דאָס טויטן - הויז זאָגט אין דער ווייסל תפילה;
לייג צו דיין יידיש האַרץ צום שטיקל ערד ביים ברעג,
וועסט צריק דערזען אַ לעבן פּלאַמט אויף שמאָלער מילע.

עס וואַרט אויף דיר צוריק דאָס טויטן - הויז אויף מילע
מיט מענטש-געשריי און קלעפּ פון זינגערס ניי-מאַשינען;
באַלד וועט אַ נס געשען, אַ נס פון פענצטער העלע —
די שאָטנס אונטער שטיין האָבן ס'הויז געפינען.

מיט בליץ שפּאַלט נאַכט די ווענט, עס פּראַלט זיך אויף דער קעלער,
און טויטע הענט צעשאַרן זאַמד און רויטע גרוזעס;
דער אַלטער סופר גייט, ר'איז בלינד, פאַרהילט אין טלית —
און קלאַפּט אויף טירן אָן פאַרסמאַליעטע מזוזות.

ער גייט צום שוועל, און ס'ברענט זיין באָרד, ווי אַ מנורה,
און הינטער אים — עס טרעטן אַלע, אַלע שכנים;
די נייטאָרין פון קעלער זינגט ס'ליד פון מאַרגעריטקעס,
פון בוידעם - שטיבל כ'הער ווי קליינע קינדער וויינען.

נאָר ס׳לעשט דאָס ליכט זיך פּלוצעם אין די טויטע פענצטער,
לבנה - זילבער לעשט זיך אין די ווייסל - שטראָמען;
אַ שטערן בלויז אין טייך — ער פינקלט נאָך אַ גרינער
און פלאַטערט ווי אַ פויגל איבער שוואַרצע תהומען.

אונדזער הויז אויף מילע ברענט שוין אונטער הימל
און לאָזט זיך פונעם שונא לעבעדיק נישט נעמען;
דער בלינדער סופר פירט די עדה איצט אין קעלער —
זיי װעלן אונדזער הויז אויף מילע נישט פאַרשעמען.

צילט אויסגעשטרעקטע האַנט דורך לעכער און דורך פענצטער,
איז וואָפן נישט די ביקס, נאָר גרויע ווייסל - שטיינער;
די ווייסל אין איר אָפּגרונט געשליפן האָט די שנאה,
דער ווייסל - טייך באַשיצן וועט די טויטע ביינער.

דער רויך ווי טויטע בלומען בליט אויף שמאָלער מילע,
פרום פליסטערט שוין אויפסניי דאָס וואַסער אין דער ווייסל;
אַן אָפּגעברענטער בוים שלאָגט זיך על - חטא אין פענצטער
און כ׳הער ווי נאָר דער ווינט דערציילט דעם טייך די מעשה.

אויף פאַרמעט גראָ און ווייך פון ווייסלדיקן שטראַנד
דער בלינדער סופר שרייבט פון גבורה די מגילה;
ער גראָבט פון אַש דאָס אות — דאָס רויטע אות פון זאַמד,
ביז די פאַרשעמטע ערד בליט - אויף אין שמאָלער מילע.

ווי לאַנג ס׳וועט איבער וואַסער הענגען שטילער הימל,
ווי לאַנג ס׳וועט שטערן - נעפּל איבער טייך זיך וועבן —
וועט אויפוועקן מיין טרער פון אונטער שטיין און שימל
דיין טויטע שטאָט, דיין ערד, צו אונדזער אייביק לעבן.

1948

# בונקער־באַלאַדע

דער ווינט. קלאָגט אינדרויסן ביים וואַלדיקן שליאַך —
ביים נאַקעטן טיש זיצן יידן זאַלבעאַכט.

יידן מיט שוואַרצע און זילבערנע בערד
אין בונקער פון וואַלדיקער, ליימיקער ערד

דורך לויטערע נעצן פון שטערן און שניי
האָבן שטיוול געקלאַפּט פאַרן בונקער אויפסניי.

ווער קלאַפּט דאָס, ווער קלאַפּט דאָס צו זיי אצינד?
אפשר דער שניי און אפשר דער ווינט?

נישט שטורעם, נישט שניי, נאָר ס'קלאַפּט אויף דער שוועל
אַ גראָע געשטאַלט אין אַ גרינעם שינעל.

וואָס טראָגט ער צו הייל פון יידן זאַלבעאַכט?
אין פינצטערער, שטורמיקער, וואַלדיקער נאַכט?

וואָס טראָגט ער אין בוזים, וואָס טראָגט ער אין אויג?
וואָס האָט זיך זיין שפּיציקער קאָפּ דאָ פאַרנויגט?

דורך שפּאַרעס פון בונקער — לבנהקער טרויער,
דער שאָטן, דער שאָטן אויף עמעצן לויערט. —

ס'איז שבת אין בונקער. אַכט יידן פון שטעטל
אין שוואַרצן כאַלאַט, מיט באָרד און קאַשקעטל,

געגרייט איז דאָס מאָלצייט אויף ערדענעם טיש,
נישט ברויט און נישט וויין, נישט יידישע פיש,

נאָר וואַקסענע ליכט אין לייכטער צעברענען,
ס׳קאָן קיינער דעם שבת שוין מער נישט דערקענען,

עס טרייסלט דער פּחד אַ צאָן אין אַ צאָן:
וואָס ווילסטו, אָ גאָט, מיט די אַכט איצטער טאָן?

— — — — — — — — — —

אַ וואַלד. אַ טייכל. אַ זאַמד־וועג מיט ביימער —
גייט די קהלה געבונדן אין אימה,

אַלטע קברנים גראָבן דאָ גריבער
פאַר די, וואָס זיצן נאָך איצט אין די שטיבער,

אַלטע למדנים ביי גמרות, משניות,
באַקלאָגן, באַוויינען אַ שטעטל לוויות,

כאָטש נישט קיין לויה מיט אָרון, מיט מיטה —
שטאַרבן די יידן פון פּוילן און ליטע.

שוין ליגט מען אין העלפט מיט ערד דאָ פאַרשיטע,
ביז גאַרטל אין קבר, דעם האַלדז צו דער שחיטה,

דער האַלדז און די אויגן מיט טויט און בהלה —
די ליפּן פאַרבייסן אַ ביטערע קללה

צום תליון, צום מעסער, גרייטע צום שעכטן;
און אפשר — אַ תּפילה צו גאָט דעם גערעכטן?

גערעכט איז אויף אייביק זיין נאָמען, זיין ליבער,
ווען לעבעדיק גייען דאָ יידן אין גריבער

און ס׳ליגט שוין דאָס שטעטל פון שריפה פאַרלענדט —
ספרים, טליתים, מצבות געשענדט. — —

נאָר ס׳מוזן אוודאי נאָך זשידעס זיין אויך,
ווען ס׳ציט דאָרט פון ערד זיך א זילבערנער רויך,

די שנאה צעטליעט, צעברענט די רציחה
און ס׳קאָכט אויף א שרפה די דייטשישע יוכע,

אין בונקער פון ציגל, דריי איילן אין דרערד,
(געמיינט ס׳וועט זיי לעבן זיין נאָך באַשערט),

נאָר נישט צום גענאַרן דייטשישע נעז —
א ייד אין א בונקער איז נאָך נישט קיין מת,

ער קאָן זיך נאָך וויגן אויף בוים מיט א שטריק,
זיין נאָך א ציל פאַר א קויל פון דער ביקס,

צוזאַמען מיט ווינט, וואָס פיעשטשעט און גלעט,
גלעט אויך דער קאַלטער שפּיץ פון באַגנעט...

און ס׳שטייט נאָך אין שאָטן דער גרינער שינעל
מיט וועלפישע אויגן אויף בונקערשער שוועל,

דריי איילן אין דרערד ליגט דער בונקער פון ליים —
אכט יידן אין בונקער אין וואַלדיקער היים;

אכט יידן זיי טונקען די הענט אין געוויין
ביים פלאַם פון די ליכט און רויכיקער שיין —

און איבער די שיפּלעכע ווענט פון דער הייל
פאַלט שאָטן אויף שאָטן אין סכנה־געאייל,

ווי שוואַרצלעכע הינט מיט צינגער געשטרעקט,
ווי הענט מיט שאַרפע, געשליפענע העק —

פון שנייאיקע נעפּלען בלייבט הענגען און פאַלט
אַ זילבערנער נעפּל פון נאָענטן וואַלד — — —

אַז ס'האָט זיך דער זילבערנער נעפּל צעשאַרט,
האָט נאָך ביי דעם בונקער עמעץ געוואַרט,

געשטאַנען אַליין ווי אַ בוים אַ פאַרשנייטער
מיט מעסער און חלף פאַר יידן אַ גרייטער.

און אונטן, אין בונקער, אַ ליכטל נאָך צאַנקט,
אַכט יידן זינגען דאָס שבת - געזאַנג,

די מלכּתא שבת זיצט ביי דער זייט
אין איר בלוי - זיידן, הימלדיק קלייד,

טראָגט זי אויף אָרעמס ווײַן און ברויט
צום לעצטן מאָלצייט פון יידן-טויט.

אַז ס'האָבן געגרייט זיך די יידן זאַלבעאַכט
צו שטרעקן די העלדזער צו חלף און נאַכט,

גרייטע געשטאַנען צום מעסער און פלאַם
פאַר קידוש השם און קידוש העם,

געוויקלט אין טלית דאָס ציטערדיק לייב
און שטאַרבן געגרייט זיך מיט קינד און ווייב —

האָט איינער, דער ייִנגסטער פון יידן אין הייל,
צעריסן דעם טלית מיט פויסטן - געבייל,

געשטעלט זיך אויף שוועל מיט צעפּאָכעטע הענט,
צעלאָשן די ליכטער, וואָס האָבן געברענט,

און זיך צעשריען אַ יידיש געוויין,
איינער פון אַכט, איינער אַליין:

— יידן! — האָט שרפה געצונדן זיין ברעם —
גאָט וויל נישט אַזאַ קידוש השם,

גאָט וויל נישט אַזאַ קידוש העם,
ווען ס'גייט מיט הכנעה דער קרבן צום פלאַם!...

בלויז איינער דער וועג איז צו הייליקן אים,
צום כבוד פון פאָלק און אייביקן רום —

דער וועג איז: מיט מעסערם צום שונאס לייב!
מיט חלף שיצן קינד און ווייב!

שטאַרבן מיט נעגל אין גאָרגל פון פיינט,
איידער די גסיסה מיט יידיש געוויין.

קידוש השם און קידוש העם —
איז אויפגיין צו גבורה דורך בלוט און דורך פלאַם!...

1947

# עפּיסטאָל צו פּאַבלאָ נערודאַ

פּאַבלאָ נערודאַ,
עס זינגט דיר אין דיין פֿאַרבאָרגן באַהעלטעניש,
אינעם שפּאַלט פֿון בלאָען שטיינערנעם באַרג,
מיט גאָלדענע מיידלשע קולות — דער נייער פֿרילינג.
קיל זיינען די זילבערנע שפּרונג־ברונעמס אין דיין לאַנד,
נאָר פֿון גרינער ערד, ווי פֿון אַן אָפֿענעם בלומען־בעכער,
גייט אויף שוין דיין חלום —
דער חלום פֿון ברויט, פֿון שיינקייט, פֿון פֿרידן —
צו דיר,
דעם פֿאַרטריבענעם פֿון היימלאַנד,
דעם איינזאַם ־ זינגענדיקן פּאָעט —
פּאַבלאָ נערודאַ —

די גרינלעכע דרום־נאַכט קושט דיין פּנים
מיט איר געזאַלצענעם ווינט אויף די ליפּן.
רויב־פֿייגל, וואָס פֿאַרוווּנדן מיט זייער שנאָבל די וואָלקנס,
לאָזן זיך פֿאַרשעמטע אַראָפּ אויף דער ערד
צו זען —
ווי כ׳בויט אויף אַ צעבראָכענעם חורבן דאַך
דער פֿויגל זיין פּשוטע, קליינע נעסט —
אַ נעסט פֿון גאָלדענעם שטרוי, פֿון ווייכע צווייגלעך
און פֿון גרינעם אייביקן ליכט,
וואָס מאַכט העל די פּאָלאַר־נעכט.

פֿון פֿינצטערניש דו הייבסט אַרויס דיין קאָפּ,
פּאַבלאָ נערודאַ —

און ס'פליסט אראָפּ דיין וואָרט מיט אותיות, געפורעמט פון שטערן,
אויפן קאַלטן פעלדזן־שטיין,
ווי דאָס געוויין פון אַ קינד,
ווי אַן אַלטער, גאָלדענער זומער־רעגן.
ער שווענקט אַדורך דאָס שטיינערנע האַרץ פונעם באַרג,
ביז ער קומט אָן צו מיר,
פון דיין באַהעלטעניש,
זינגענדיקער פּאַבלאָ נערודאַ.

נישט בייטאָג,
נישט ביינאַכט
ווערט פאַרשטילט דאָס געזאַנג פונעם אַלטן רעגן,
ווערט נישט מיד דעם גאָלד־שטויבל — דער טרער —
צו קרייזן אינעם ווינט ארום דיין האַלדז, ווי אַ נייע זון.
דער ווינט קעמט ביינאַכט מיט פאַרליבטע פינגער
דעם ווייסן כוואַליע־קאָפּ אינעם ים.
דער גרויסער טאָג וועט דיך אומקערן אַהיים,
(ער וועט אַלע מענטשן פירן צוריק אַהיים),
דער גרויסער טאָג וועט צעשפּאַלטן דיין שוואַרצן פעלדז,
ווי אַ דימענט דאָס גלאָז —
צעשפּאַלטן דעם פעלדז וואָס היט דיך ביים ים —
פּאַבלאָ נערודאַ.

געזאַלצן און שאַרף קומען ווינטן פון דרום,
און שטערן־זעגלען פון צפון טראָגן מלחמה און סם.
געזאַלצן און שאַרף איז אומעטום דעם מענטשנס טרער.
און דער ווינט, וואָס טראָגט שרפה און שנאה פון ים,
ווייל פאַרברענען די ווייסע פאָרהענגלעך איבער אונדזער פענצטער.

נאָר דאָס קערנדל, וואָס האָט זיך צעבליט לעבן דיר,
אויפֿן פֿינצטערן פֿעלדז מיטננאכט,
איז זיס מיט יונגסטן מענטשלעכן חלום.
און דאָס איז די זריעה, וואָס וואַרט
אויף אַלעמענס הענט אויסגעשטרעקטע —
אויף הענט פֿון מזרח, מערב, צפֿון און דרום,
און ס׳וואַרטן אויף איר די הענט אויך פֿאַראַשטע
פֿון אַלע ערדישע קברים.

איבער דיין פֿינצטערן שפּאַלט
גייט די זון קיינמאָל נישט אונטער.
אויף די שפּיציקע בלאָלעכע נאַכט־בערג
הענגט אין גילדענע פֿראַנדזן
דאָס רויטלעכע אָפּבילד פֿון איר שטראַליקן קאָפּ —
ווי אַ שיינער מיידלשער קאָפּ געשטילט אין ליבשאַפֿט.
ווען ס׳איז נאָך פֿינצטער —
דו הערסט שוין די טריט פֿונעם אַלטן פּאַסטעך,
וואָס קלעטערט מיט זיינע שעפּסן צום הימל,
ווייל ער ווייסט, אַז נאָר אויבן, נאָר אויבן
זינגט דיין טורעם דאָס ליד פֿון אונדזער דור
פֿאַר דעם דור, וואָס וועט נישט אויפֿהערן צו זינגען
דאָס ליד פֿון דיין שטיינערנעם פֿעלדז —
פּאַבלאָ נערודאַ.

אויך איך — דער איינזאַמער מענטש —
טו תּפֿילה אויף מיין חרובער ערד
צו אַ פּיצל הימל אויפֿן פֿענצטער,
צו אַ שטרייף פֿון אַ פֿאַרשעמטן אָוונט־שטערן:
— היט אָפּ די ערד פֿון שנאה און מלחמה,
זאָלן רואיק שלאָפֿן די ביינער פֿון אַלע טויטע,

און זאָלן פרויען פלאַנצן ווייסע בלומען איבער קברים
און הערן דאָס געזאַנג פון פייגל,
וואָס בויען צוריק זייערע נעסטן אויף נידעריקע כאַטעס.

אויך ביי אונדז — איבער אַלע גראָע ימען,
קלאָגן נאָך די שאָטנס אויף בית־עלמינס,
איבער די פאַרברענטע שטעט,
איבער די טויטע פענצטער.
נאָר ס'ציטערט שוין אויף די הויכע סאָסנעס דער ווינט
און סטראָיעט אָן מיט פרילינג די ביימער־פידלען
לעבן אַלע שוויינגנדיקע, שטילע טייכלעך.
שוין טראָגן גראָע פייגל דאָס געזאַנג
אין זייערע גינגאָלדענע שנאָבלען.
דער רויך שרייבט זיין בלאָלעכע שריפט אויפן הימל —
פון פרידן, פון בלומען, פון ברויט,
פון ערד, פון וואַסער און ליבשאַפט —
די שריפט איז דער ווילן פון אַלע פאַרשטאָרבענע.
איבער אונדזער בעט
בייגן זיך לאַכנדיקע פּנימער פון פרויען,
וואָס קלאָגן נישט מער
איבער דער וויג פון זייער קינד
און נישט איבער די טויטן־בערגלעך, וואָס זיינען פאַרפלאַנצט
מיט רויטע בלומען פון גבורה און בלוט.
אָוונט־צייט צִיט אַ שנור פון בענקענדיקע זשוראַוויעס
אויף אונדזער לויטערן הימל.
מאָרגן וועלן אַלע קינדער אויפשטיין מיט געזאַנג,
און מיטן געשריי פון די ציענדיקע זשוראַוויעס —
ווייל זיי קומען אַלע פון דיין זינגענדיקן פעלדז
און פון נייעם פרילינג אויף דער ערד —
פּאַבלאָ נערודאַ.

1949

## צום ווייטן ברודער

ס׳איז דיר באַשערט געווען, מיין ווייטער ברודער,
נישט צו גיין דורך שוועלן, וואָס וועלן ווי די תליות
נקמה מאָנען —
אין טויטן־גאַנג פון רויך און רויטן אַש,
אין נעבכט מיט הענט געצונדענע —
באַשערט געווען איז דיר נישט צו גיין
דעם לעצטן וועג
מיט יידן די מיליאָנען —
הינטער הימלען אויסגעלאָשענע פון גאָט און ליכט.

ס׳איז דיר באַשערט געווען, מיין ווייטער ברודער,
נישט ווערן אומבאַקאַנטער קבר אין די וועלדער,
נישט ווערן ערד, וואָס וואַרפט זיך נאָך און ציטערט,
נישט אַריבערשפּאַנען נאַקעט רויטן תהום פון פלאַמען
און נישט בלייבן ליגן אויף געהילץ געקרייציקט
מיט ברענעדיקע טויטע טאַטע־מאַמען.

ס׳איז דיר באַשערט געווען, מיין ווייטער ברודער,
נישט צו הערן ס׳לעצטע וואָרט פון קינדער,
וואָס זיינען מיט דער לאַסט געפאַלן.
דאָס וואָרט וואָלט איצט אין האַרצן דיר געשטאָכן,
מיט טויזנט אָנגעגליטע מעסערס און קינזשאַלן.

אויף אַן אָפּשטאַרבנדיקער ליפּ צו גיסן טראָפּנס וואַסער
און לינדערן דעם לעצטן גאַנג פֿון טויטע פּים —
איז נישט געווען באַשערט דיר, ווייטער ברודער.

קלאָגן איצט ביי דיינע פענצטער אַלע ווינטן
און טראָגן דיר אין חלום אַש און רויטע שפּיז
און הערסט, ווי מיט באַגראָבענע עס ציטערט נאָך די ערד.

1945

# אין יעדער צעבראָכענער זילב

שוין אַנדערע האָבן פֿאַר מיר,
מיט געטער גערעדט אינעם ווינט,
די ליבשאַפֿט, דעם פֿרילינג, דעם ים,
געטרונקען, ווי איך אַצינד.

און איבער די הײַלן פֿון שטיין,
זײַנען שטערן געהאָנגען פֿאַרבלענדט. —
דער מענטש און דער הימל אַליין
האָבן צו זיך נאָר גענענט.

איז וואָס, אַז איך בין נאָר פֿאַר דיר
אין טונקל אַ פֿויגנדע מילב —
כ'האָב דערזען דאָס ליכט אינעם וואָרט,
מיך כשופֿט דער קלאַנג פֿון אַ זילב.

איך ליג אין נעץ פֿון די שטערן,
וואָס וויגט זיך צוריק און אַהין.
איך גיי אויפֿן פֿלאַך פֿון מײַן לעבן,
ווי אַ גילדענע, זשומענדע בין.

איך וועל שוין נישט שטאַרבן אויף דר'ערד,
כ'וועל בלײַבן אין שאָרך פֿון אַ מילב.
אין שטיין, אין ערד, אין אַ וואָרט,
אין יעדער צעבראָכענער זילב.

1938

# פרילינג

די ערשטע שוואַלב וויל דורכשטעכן די לבנה,
וואָס הענגט באַגינען, ווי קאַלטער, שלאָפֿנדיקער מאַרמאָר.
דער בוים איז הויך און גרינט שוין צו די וואָלקנס,
צווייגן גרייטן נעסטן פֿאַר וואַנדערנדיקע פֿייגל,
וואָס זיינען מיד פֿון ערד און ווילן זיין
נעענטער און נעענטער צום הימל.

אַזוי פֿיל זומערס זיינען ערגעץ אָפּגעפֿלאָסן
אויף וואַסערן, וואָס ריזלען אונטער שטערן.
אַזוי פֿיל שוואַלבן האָבן שוין געטראָגן
דעם זון־אויפֿגאַנג אויפֿסניי אין דינע שנאָבלען.

און ווו איז איצט דער טויט,
און ווו איז איצט דיין טרער?

די ערשטע שוואַלב וויל דורכשטעכן מיט איר די לבנה,
וואָס הענגט באַגינען, ווי קאַלטער, שלאָפֿנדיקער מאַרמאָר.

1949

# אַ קליין ליד
## צום אומשטערבלעכן לי־טאַי־פּע

טויזנט יאָר, ווי אַן אומגעקערטער ווײַן־בעכער,
ליגט אויף די וואַסערן פֿון פֿאַרגענגלעכקייט.
און דו — דו זינגסט נאָך אַלץ בײַנאַכט,
ווען נעמסט אַרום דעם בלייכן זוים
פֿון ציטערדיקן לבֿנה־שאָטן אינעם טײַך.

ביסט נישט געשטאָרבן מיט טויזנט יאָר צוריק,
ווײַל דער הימל שטאַרבט נישט,
ווײַל דער שטערן שטאַרבט נישט,
ווײַל די לבֿנה שטאַרבט נישט,
ווײַל די ליבשאַפֿט שטאַרבט נישט
און ווײַל דאָס שטאַרבן איז נאָר קיל וואַסער,
געמישט אין שוימענדיקן בעכער פֿון אונדזער לעבן.

אַלטער, גרויסער טאַטע פֿון געזאַנג, לי־טאַי־פּע,
אַ שפּליטער פֿון דײַן זינגענדיקן ווײַן־בעכער,
ברענט פֿאַרוואָגלט אויף מײַן האַרץ.
מיך כישופֿט דער שאָטן פֿונעם בוים,
מיך כשופֿט דער שאָטן פֿון דער בלום,
מיך כשופֿט דער שאָטן פֿון אַ פֿרויען־האַנט,
מיך כשופֿט דער טרערנדיקער ווימפּער פֿון אַ קינד,
מיך כשופֿט דער שאָטן פֿון וואַלד —
און כ'האָב מורא צו שיפֿן זיך אין אָוונט־צײַט אַליין.
אויף שטילע וואַסערן אונטער דער לבֿנה
פֿון צופֿיל שיינקייט.

1949

# נידערשלעזישע מאָטיוון

## א

## ווראָצלאַווער ווינטער=לאַנדשאַפט

די שטילקייט אויפן שניי לויערט. אַ דערשראָקענער הירש שפּרייזט

לעבן אַן איבערגעקערטן, זשאַווערדיקן טאַנק.
די ערד, פאַרבונדן מיט ווייסע שניי-באַנדאַזשן,
איז אין איר שטילקייט קראַנק.

די ערד איז געווען דאָ אייטער —
היילט זי איצט די שטילקייט מיט ליכט,
מיטן אָוונטיקן ליד פון דער שוואַלב,
מיט אוינגן-מילדקייט פונעם הירש
און מיט גוטע מענטשלעכע טריט.

לעבן טאַנק — אַ נאַקעטער בוים
מיט די הענט אַרויף זוכט די זון.

פון די בערג גייט אַראָפּ די שטילקייט,
פון הימל גייט אַראָפּ דער נעפּל,
אוןביידע —
די שטילקייט און דער נעפּל,
גרייטן שוין צו פונעם פינקלדיקן שטערן
דאָס ערשטע שמייכלענדיקע גרין פון פרילינג —
פאַרן דערשראָקענעם הירש
און פאַרן מענטש.

1949

ב.

# אין אַ זקנים־הויז

דריי יידישע זקנות — דריי אַלטע דרימלענדיקע פייגל
מיט פאַרשפּיצטע שנאָבלען — זייערע אַלטע מיילער,
זיצן, חלומען און פּרעפּלען אויף דער שוועל
אין קילן זון־פאַרגאַנג.
זיי ציילן צווישן די אַלטע פינגער
אַלע דורות, וואָס זיינען מיט די וואָלקנס אָפּגעשווומען.

דריי זקנות — דריי אַלטע דרימלענדיקע פייגל, —
דריקן צו די מיילער דריי בראָנזענע קרייצן
אויף רויטע בענדלעך.
דאָס קושן זיי נישט, די דריי זקנות,
אַזוי די קילע בראָנזענע קרייצן
און נישט די רויטע פלאַטערנדיקע בענדלעך.
דאָס קושן זיי די קילע שלאַנקע פינגער
פון זייערע דריי טויטע זין,
וואָס זיינען געגאַנגען שיצן די וועלט
אין אַזאַ קילן זון־פאַרגאַנג
ביי סטאַלינגראַד.

דריי זקנות מישן אַן אַלטן סידור,
דערזעען זיי אין יעדן פּירקאַנטיקן אות
אַ בראָנזענעם קרייץ פונעם זון
הענגען אויף זיין טויטער ברוסט.
פאַרמאַכן זיי די אויגן —
און קושן יעדעס אות פונעם אַלטן סידור.
דריי יידישע זקנות — דריי אַלטע דרימלענדיקע פייגל,
חלומען אויף דער שוועל
אין קילן זון־פאַרגאַנג.

1949

ג.

# דער לאָמפּן־צינדער פון דזשערזשאָניוו

אויף די נידריקע פענצטער־קאַרניזן
זיצן שוואַלבן. זיי קוקן זיך צו,
ווי דער שוואַרצער לאָמפּען־צינדער פון דזשערזשאָניוו
צינדט אונטערן הימל הונדערט און פערציק גאַז־לאָמטערנס
פון דער שטאָט דזשערזשאָניוו.

אין פענצטער,
דורך אַ קלאָרער, ווייסער שויב,
קוקט און גאַפט אַ יידיש קינד —
ווי דער לאָמפּן־צינדער פון דזשערזשאָניוו
וואַרפט זיין שטעקן יעדע רגע צום גראַנאַטענעם הימל,
וואָס איז אָנגעשיט מיט שטערן, ווי מיט מאָן.

אַ וווּנדער:
ער שלאָגט פונעם הימל אַרויס, ווי משה פון פעלדז,
אַ פולע, גרויסע צאַפּלדיקע לבנה —
די אָנגעצונדענע גאַז־לאָמפּ.

דער לאָמפּן־צינדער וואַרפט אַראָפּ פון הימל
הונדערט פערציק לבנות אין די געסלעך —
די שוואַלבן זאָלן האָבן אַ באַלויכטענעם קאַרניז
אין דער נאַכט,
און דאָס קליינע יידיש מיידעלע —
אַ גרויסן זילבערנעם טעלער פאַרן פענצטער,
אויסגעקריצט מיט אַלטע יידישע אותיות.

1949

ד.

# צו אַ יידישן קוילנגרעבער

די טיפעניש פון ערד איז נישט קיין בונקער,
נאָר ס׳ליגט אויך פאַרגליווערט דאָרט די פינצטערניש
פון טויזנט יאָר, פון שוואַרצן מיטלאַלטער,
אין די רויע פלאַסטן פון קוילן־שטיין,
אין דער פאַרשטומטקייט פון שלאָפנדיקע, טויטע וועלדער.

דיין יידישע האַנט איז אָדערדיק, דיין פּנים — ווייך,
און בלויז די אויגן —
זיי עגבערן מיט יידישער עקשנות
די סאַמעטענע פלאַסטן פון יאָרהונדערטער
און דאָס ליכט פון די טויטע וועלדער.

די ערד ציטערט אין דיינע אָדערדיקע הענט
פאַר איר געבורט.
אַלע שוואַרצע יאָדלעס, סאָסנעס און פאַרשטיינטע דעמבעס
ווילן צוריק ווערן גרין,
די שוואַרצע שטיין־פלאַסטן ווילן אויפגעבונדן ווערן אין ליכט
דורך דיינע הענט.

די טיפעניש פון ערד איז נישט קיין בונקער,
נאָר די טויטע וועלדער בענקען אַרויף אויפסניי
צו ווערן גרין,
צו ווערן ליכט
דורך דיינע אָדערדיקע הענט —
מיין שווייגנדיקער ברודער.

1949

# געזעגענונג

(דראַמאַטישע פּאָעמע)

(צייט: שפּעטזומער 1946. אָרט: אַ דאָרף אין נידערשלעזיע.

אין אַ ווייס געקאַלעכט הויז, וואָס שטייט צווישן גריקע-פעלדער אין אַ סאָסנע-וואַלד, זיצן ביים פענצטער צוויי ייִדן: — זיי קוקן אַרויס צו דער אָנקומענדיקער, שפּעטזומער-דיקער דעמערונג. אויף זייערע פּנימער גליען נאָך דורך די שויבן גאָלדענע ציטערדיקע זון-פּלעקן).

ערשטער ייִד:

און וואָס — האָסט טאַקע קיינעם נישט געטראָפן?
קיין שפּליטער נישט פון דיין היים און דיין משפּחה?.

צווייטער ייִד:

געטראָפן?! — יאָ, געטראָפן כ'האָב די ליידיקייט אַליין,
די ליידיקייט, וואָס פרעסט פון אויגן אויס געוויין.
עס ברענט די קללה אויף מיין ליִב און כ'בייל די פויסט
צו אַלץ אַרום, צו יעדן פּיצל שטיין און ערד,
צו יעדער שוועל, וואָס רוט נאָך ביי אַ הויז,
צום הימל, וואָס הענגט שלוהדיק און בלאָ —
ווי דעמלט —
צום וואָלקן און צום ווינט, וואָס שווימען אינדערהויך —
ווי דעמלט —
ווי ס'וואָלט גאָרנישט נישט געשען,
גאָרנישט נישט... — —

ערשטער ייד:

איך איך — כ׳האָב קיינעם נישט געטראָפן דאָ,
פונדעסטוועגן...

צווייטער ייד:

דריי וואָכן כ׳האָב געזוכט אַ שפּור פון מיין פאַרקוילטער שטוב —

אַ פויגל אַ געראַטעוועטער פונעם פייער־שטורעם, —
געזוכט אַ שאָטן פון אַ פענצטער, פון אַ טרעפּ;
און אומעטום פאַרשרפעט, אַלטער וויינענדיקער שטיין —
ער האָט געברײט נאָך מיטן גליווערדיקן בלוט פון קעפּ.
איך האָב געזוכט צווישן טויטע פונדאַמענטן אינעם הויז,
אין קעלערן, זייער לעצטן לעבעדיקן שפּור,
אַז ס׳זאָל די האַנט אַ גלעט טאָן נאָך אַזוינס,
וואָס וועט די היים די יידישע דערמאָנען, —
ווי דעם אָפּשיין פון אַ חלום אויף דער וואָר.
נאָר ס׳איז אומזיסט, אומזיסט געווען דער וועג אַהער —
ס׳האָט בלויז די ליידיקייט געבוירן אינעם אויג די טרער
און צוריק אַ צינד געטאָן, ווי אַ רויטן ברענענדיקן שייטער,
די שווארצע קללה, וואָס איז איבער אונדזער פאָלק געהאָנגען.

ערשטער ייד:

איך זע — קענסט נישט אין זיך דעם ווייטיק שטילן,
נישט פאַרגעסן... דו וואָלסט באַדארפט, איך מיין...!

צווייטער ייד:

דיר איז לייכט אַזוי צו זאָגן, ברודער, ווי אַלע די,
וואָס זיינען דאָ מיט אונדז צוזאַמען נישט געוועזן.
ווער ס׳האָט אין יענע יאָר נישט אָנגעזען קיין דייטש,
נישט איינגעאָטעמט מיטן רויך דעם קרעמאַטאָריע־טויט,

און ס'האָבן נישט די געטאָ־נעכט זיין האלדז געוואָרגן —
דער טראָגט נישט אין זיין ברוסט די קללה צו דער וועלט,
צו מענטש, צו גאָט,
וואָס האָבן פון זייער שוים געקענט נעבירן
דעם טיפסטן, שדישן גיהנום פאַרן מענטש.

עס איז פאַר מיר אַ שאַנד מיין לעבן ווייטער טראָגן,
ווען כ'האָב מיין וועלט פאַרלוירן.
מיר דוכט, אַז ס'וועט שוין קיינמאָל נישט קענען לעבן דער,
וואָס ס'האָט דער גורל אים פון אָפּגרונט צוריקגעוואָרפן.
צי קען אַ בוים, וואָס ווערט מיט זיינע וואָרצלען
אינעם שטורם - בליץ פון ערד געריסן, —
צי קען אַ בוים אַזאַ ווידער בליען?

איך האָב פון טיפעניש פון מיין נשמה געפּרוווט אַרויסהויבן,
ווי פון אַ טיפן פינצטערלעכן ברונעם,
דעם מינדסטן ליכט - צאַפּל פון האָפענונג און גלויבן.
נאָר ס'האָט די נעץ, אַראָפּגעלאָזטע אין די טיפן,
נאָר אויפגעהויבן: גרויל, יאוש און פאַרצערנדיקע שנאה
פון טויזנט אונטערגייענדיקע וועלטן.
איך האָב געגלויבט: ס'וועט אַמאָל געשען מיט מיר אַ נס
און כ'וועל פון בלוט־אָפּגרונט אַרויס — אַ שפּליטער פון מיין
פאָלק.
(כאָטש כ'האָב שוין דעמלט מיך פאַרשאָלטן אין מיין האַרץ,
די גיריקייט פון דער אור־חיה אין מיינע בלוטן) —
וועט זיין די וועלט געלייטערט פון איר בייז און חטא,
געלייטערט אין איר גרויסער פּיין,
אין שדישער פאַראַכטונג פון מענטש צו מענטש.
נאָר וויי!... דו ווייסט אַזוי ווי איך,
אין סאַראַ וועלט איך טראָג אויפסניי מיין ווונדיק האַרץ,
וואָס קען נישט מער פאַרגעסן...

ערשטער ייד:
איך האָב ווי דו. נעבלוטיקט, ברודער, כאָטש ווייט געווען
איך בין אויף טויזנט מייל פון געטאָס, קרעמאַטאָריעס,
דער רויך פון אונדזער ברענענדיקער היים און לאַנד
האָט אויך די אויגן מיינע פול מיט האַס געצונדן.
דאָס גראָע, טליענדיקע אַש, ווי אַן אָבלדיקער שאָל,
ער הענגט נאָך איצט פאַרוואָרפן אויף מיין פּנים.
אָ, גיב אַ קוק אויף מיינע זילבער־שלייפן
און אויף די האָר, פון מיין זינקענדיקן קאָפּ —
ווערסט דאָרט דערקענען דאָס גראָע אַש, פון אונדזער היים,
וואָס טליעט נאָך.
נאָר כ'האָב אין גרויסן, גרויסן מזרח־לאַנד
קיינמאָל נישט פאַרלוירן אינעם מענטש דעם גלויבן;
נישט אויסגעגאַנגען ס'איז אין פּראָסטן מענטש דער בטחון
פון אַ שענער און אַ בעסער לעבן —
און אַ בליענדיקער, גוטער מענטשלעכער נצחון.
אָ, גיב אַ קוק! איך האָב אַ הויז אַ ווייס אויף שפּעדיקן פעלד,
ווו ס'איז אַמאָל די נאַצי־פּעכט פאַרזייט געווען.
איצט בליט מיין גריקע־פעלד פרידלעך צו די פיס,
גאָלדיק צייטיקט זיך ס'קאַרטאָפל־פעלד אונטער הימל,
און מיין שטוב — אַ ווייס־געקאַלכטע מיט זומערדיקער רו,
זי בענקט אַזוי נאָך מיינע אויגן.
כ'געפין די טרייסט און פרייד אין יעדער מי,
אין זון־אויפגאַנג, וואָס היילט מיין אויג, אין בלאָע טויען,
אין וואָלקן־פלאַטער, ווי ער ציטערט אויף מיין קלאָרער שויב,
ווי אַ ווייסע מיידל־האַנט.
ביינאַכט — טראָגט אָן פון סאָסנע־וואַלד דער ווינט,
ווי גוטע בשורות, די ציטערדיקע שטערן צו מיין פענצטער.
אָט איצט, זע, ווי שיין, ווי די זון ציטערט אויף די
סאָסנע־קרוינען!...

צווייטער ייד:

ווי אויסטערליש עס קלינגען דיינע רייד.

פאַר מיר — דער אָוונט־וואָלקן גליט מיט קרעמאַטאָריע־פלאַם,

מיט בלוט, וואָס אַלע הימלען וועלן נישט אָפּשווענקען.

און ווען עס גייען אויף, ווי גוטע בשורות, דיינע שטערן —

איך קען דעם טויט פון אונדזערע מיליאָנען

נישט אָפּיאָגן אין פינצטערניש פון מיינע וויעס;

חלומות פול מיט טויזנטער געשפּענסטער —

זיי פירן מיך צו עקזעקוציעס און צו תליות.

יעדע נאַכט—זי פירט אויפסניי אַוועק מיך קיין אָשוויענטשים,

אויף מיין הארץ, וואָס שטיקט זיך אינעם שלאָף

און הענגט מיט פייער־שטריק געבונדן איבער אָפּגרונט —

עס גייען דורך אויפסניי אַלע, אַלע טויטע,

און צווישן זיי — כ׳דערקען מיין אָרעמע, מיין אַלטע, גראָע מאַמע,

אין שוואַרצן שאַל פאַרהילט,

וואָס זי פלעגט טראָגן נאָר אין שבתים.

צי ווייסטו, וואָס עס הייסט אַ יעדע נאַכט

אויפסניי אַריינגיין אין די טויערן פון גיהנום?

צי מיינסטו, אַז די בושה־יאָרן זיינען אויסגעבלייכט שוין, ווי אַ שאָטן־פלעק אויף אַ שפּיגל?

איך האָב געפּרוווט אַרומגיין צווישן שטעט פון אַמאָליק לעבן

און אויפנעמען אַ שפּראָץ פון דערלייכטערונג.

נאָר יעדעס מאָל — די פרעמדקייט...

די פרעמדקייט גליווערט אויפן פּנים פון יעדן מענטש,

וואָס איז מיט אונדזער טויט טויזנט מאָל נישט געשטאָרבן.

צווישן פרעמדע צאַנקט מיין ביסל לעבן,

וואָס כ׳טראָג אַרום, ווי אַ קללה, אין מיין בוזים.

און טויזנט מאָל איך פרעג: פאַרוואָס אזא־אָ מבול?

און פאַרוואָס האָט דווקא מיך דער נס געטראָפן?
און ווען דער חלף האָט מיליאָנען העלדזער איינגעשניטן —
פאַרוואָס האָט מיך דער טויט, זייער אַלעמס טויט, געמיטן?
ס׳איז גרויליקער דעם תהום. צו טראָגן יעדע רגע אין זכרון,
ווי דעם טויט, דעם טויט, דעם איינמאָליקן אין יענע יאָרן!
זיי רינגלען מיך אַרום, די מחנות, מיט די הענט פאַרפלאָכטע?
און יעדע געטאָ־וואַנט — אונדזער בושה — אויפסניי זי ווערט
א קבר,

וואָס לעשט מיין לעבן.
צי קאָן איך דאָ אַ נייע פרייד געפינען?
צי קען אַ נייע זון אויפגיין אויפן בוים,
וואָס איז אַ תליה פאַר מיין טאַטנס קאָפּ געוועזן?
צי קען אַ שטערן ברענגען טרייסט אויף מויער,
וואָס האָט מיט ווייכן קינדער־מוח זיך אָנגעטרונקען?
איך קאָן נישט עטעמען, איך קען נישט, כ׳קען נישט,
דערלאַנג מיר, ברודער, אַ שלוק וואַסער...:

ערשטער ייד:

ביסט מיד און קראַנק, ווייל קראַנק איז אויך די וועלט,
וואָס האָט דיין אויג, דיין האַרץ
מיט אַלע פינצטערנישן אָנגעטרונקען.
נאָר גלויב: ס׳איז נישט פאַראַן אויף ערד אַזאַ אַ שלעכטס,
וואָס זאָל דורך מענטש אויסגעהיילט נישט ווערן;
ס׳איז נישט פאַראַן אויף ערד אַזאַ אַ וווּנד,
וואָס זאָל אונטער זון נישט גענעזן ווערן.
דו ביסט גערעכט:
ס׳איז יעדע געטאָ־וואַנט אונדזער גרויסע בושה,
וואָס לעסטערט איבער קאָפּ די הימל־בלאָקייט.

ווי האָט אַ פאָלק געקענט זיך לאָזן צוימען, פּענטען,
און — זיי טויזנט מאָל מיר מוחל —
ווי אַ הונט אויף האַלדז די בושה־קייט נאָך טראָגן?
ווי האָט אַ מאַמע איר עופּהלע געקענט
שליידערן אויפן תּלינס וואָגן?
ווי האָט אַן עדה פון מיליאָנען גאָר געקענט
אויסשטרעקן אַליין דעם האַלדז צום מעסער פונעם שעכטער?
פאַרוואָס, אָ, זאָג, האָט נישט געברענט
צום גרעסטן שונא פונעם ייד — די מרידה?
צי איז דער טויט נישט הייליקער, גערעכטער,
מיט אויסגעשטרעקטן מעסער צו דעם שונאס גאָרגל,
איידער זינלאָזער, משונהדיקער טויט
דורך גאַז, הונגער און מגפות?
דו גלייבסט — עס האָט אַ נס דיין לייב געשיצט,
נאָר איך, איך גלייב נישט מער אין נסים.
דיין לעבן האָט געשיצט — דער העלדן־טויט פון טויזנט
זין —
פון יענעם לאַנד, וואָס ליגט אין מזרח און אין קאַלטן צפון —
דער טויט פון טויזנט זין — דאָס איז געווען דער נס
און זייער הייליק וואָפן...

צווייטער ייד:

באַגייסט אַ זינד, וואָס וואַרפסט דעם מינדסטן שאָטן אויף די,
וואָס האָבן די לאַטע־שאַנד געטראָגן.
דער מענטש — ער ווערט גיהנומדיקער שטן אין נסיון,
ווען ס'טוט די אור־חיה אין זיינע בלוטן וואַיען.
נישט וואַרף דעם מינדסטן פלעק אויף אים!
איך זע: וועסט קיינמאָל נישט פאַרשטיין מיך,
ווי ס'קאָן די וואָר נישט פּותר־חלום זיין דעם רויטן טויט
פון אַלע קאַלכאויוונס, וואָס ברענען נאָך אין מיין זכרון.

אָ, לעסטער נישט דעם שאָטן דעם הייליקן פון פאָלק,
פון אַלע פּשוטע און פּראָסטע, פּראָסטע יידן...:

ערשטער ייד:

נישט אַלץ וואָס איז געווען — געווען איז הייליק...

צווייטער ייד:

דער טויט אַליין — מאַכט הייליק שוין זייער שאָטן,
וואָס פאַלט אויף מיינע און אויף דיינע אויגן.

ערשטער ייד:

איך קען מיט צער נישט עטעמען, ווי דו — מיט אימה,
פון דעם, וואָס איז געווען און פון קומענדיקע גרוילן.
ווי נאָר עס האָט דער עשאַלאָן
געוויגט זיך צווישן אַקער־פעלדער אין באַפרייטן פוילן —
איך בין געפאַלן אויף הייליקער, פאַרברענטער ערד,
געקושט די ווענט פון מיין געשענדטער היים־שטאָט,
און אויף מיין האַלדז — געפאַלן איז, ווי אַ חלף,
דאָס געוויין...
נאָר כ'האָב די טרער מיטגענומען אין מיין בלוט,
ווי אַ מאָנענדיקן, פייערדיקן רוף,
ווי דעם בליאַסק פון אַ סודותדיקן איידלשטיין,
אויפצובויען ווידער דאָ מיין היים, מיין לעבן,
להכעיס אַלדאָסבייז און אַלע טויטן.
אָ, זע —
דאָרט הענגט די פאָטאָגראַפיע פון מיין ווייב און קינד,
וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטרינען.
און אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט —
עס הענגט דאָס בילד פון מיין צווייטער פרוי.
אירע האָר זיינען אַזוי יידיש־ווייך,

אירע אויגן זיינען אזוי טיף און מילד.
דאָס קינד, וואָס זי טראָגט פאַר מיר אונטער הארץ,
וועט זיין די טרייסט און שטענדיקע דערמאָנונג —
צו פאַרגעסן.
איך בין דער אָנהויבער, דער בראשיתדיקער ייד,
וואָס ברענגט געבורט צו נייע, נייע דורות
אויף אַ פרייער און אַ שיינער ערד...

צווייטער ייד:

כ׳וועל מוזן גיין פון דאנען, געזעגענען די ערד,
וואָס האָט מיין שטאַם אין פייער־שטויב פאַרצערט,
און זוכן כ׳וועל די וועגן צו רפואה,
די אַלטע, טויטע וועלט צו פאַרגעסן.
דער אומרו יאָגט מיך פון דיין שוועל,
כ׳זאָל ערגעץ אויף אַ ווינקל אונטער זון,
אָפּרוען מיט מיין מידער, קראַנקער זעל —
און קענען פון מיין שטיקן טויט גענעסן.

ערשטער ייד:

איך וויל דיך נישט פאַרהאַלטן,
ווילסט אַוועק —
זאָל יעדער טריט פאַר דיין נשמה זיין דיר אַ גענעזונג,
און זאָל דיין הארץ באַלעבן דיך מיט נייע כוחות —
פאַר דיר און אונדזער פאָלק.
נאָר זעטיק אָן דיין טריביק אויג מיט ליכט,
וואָס פלייצט אַצינד אַראָפּ פון הימל.
דו זעסט — די זון, זי נויגט זיך שוין צום וואַלד,
און ס׳רינט אַראָפּ פון זומערדיקן אָוונט־וואָלקן
די ווייכע אָוונטיקע רו צו אונדזער שטוב,
ווי אַ ווייסער פלאַטערדיקער זעגל.

ס׳וועט באַלד דער ערשטער שטערן אויפגיין,
אַרומגעהילט אין בלאָען שאַל פון דעמערונג,
ווי אַ פּאַטערלעכער, שיצנדיקער אָרעם.
אין אַזאַ־אָ שעה — ווי גוט איז מיר צו גלויבן,
אַז מאָרגן וועט די זון דאָ ווידער אויפגיין,
און וועט די לעצטע טרער פון אונדזער אויג פאַרוואַנדלען
אין זילבערדיקן טוי, אויף יעדן בלאַט און גרעזל.
איך האָב די טרייסטנדיקע לינדערונג געפונען
אין פּראָסטער מי, אין אַרבעט אויף מיין פעלד,
און אומעטום, גייט אויף פון ערד דער זוימען
פון האָפענונג און גלויבן,
און ס׳ווערט די וועלט דורך אַלע לויטערדיקע הענט־
געבויט אויפסניי, אין שיינקייט און אין טרוימען.

צווייטער ייד:

אַ גוטע נאַכט. ס׳איז גרויליק פינצטערלעך דער דרויסן...
די שעה פון שרישע חלומות —
זי גייט אויף יעדן וועג אויפסניי מיר דאָ אַנטקעגן.

ערשטער ייד:

איך גלויב, אַז ס׳וועט די מאָרגן־זון
דיינע טריט דעריאָגן אויפן וועג.
זי וועט אין ליבשאַפט מענטשלעכער פאַרוואַנדלען
דיין שנאה און די שרעק.

צווייטער ייד:

אפשר.
פאַר דיינע ברידערלעכע ברכות —
נעם צו מיין טרער, די הייסע, הייסע טרער,
וואָס בריט שוין אויף מיין פנים...

— — — — — — — — — — — — — — —

ערשטער ייִד:

ווי איינגעבוקט ער גייט צום אָוונטיקן וואַלד!
אויף די סאָסנעס טליעט נאָך די זון,
ווי אַ פייער־קול אין אַ גרינער שוים.
די זון! די זון!
ווי שיין די זון פאַרגייט!
נאָר שענער וועט זי, כ׳גלייב,
אויפגיין מאָרגן איבער אונדזער הויז!

נידערשלעזיע, זומער 1947.

# אינהאלט:

זייט

זייט



## געזאַנג אין דער פינצטער
(לידער געשריבן אין געטאָ)

## לויכטנדיקע שטערן

זייט



נידערשלעזישע מאָטיוון

## ביכער פון זעלבן מחבר:

„מיטן פנים צו דער זון“ (לידער) — 1930

„מלכות געטאָ“ (נאָוועלן) — 1947

„שטערן איבערן געטאָ“ (נאָוועלן) — 1948

„מענטשן אין תהום“ (נאָוועלן) — 1949

# תיקון־טעות

| זייט | שורה | אַנשטאָט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 30 | 15 | נאָך האלסטו מיר מיין האנט | נאך האלטסטו מיר מיין האנט |
| 39 | 1 | אָ, טאָטע טויטער | אָ, טאטע טויטער |
| 51 | 7 | און אפשר נאָר אינעם וואבערל | און אפשר גאָר אינעם וואסערל |
| 58 | 11 | אין קעלער עס ליגט א מת | אין קעלער ליגט א מת |
| 100 | 9 | ווי די קנאָפסן פון ליכט | ווי די קנאָספן פון ליכט |
| 149 | 27 | ווייל פארברענען די ווייסע פאָרהענגלעך | וויל פאַרברענען די ווייסע פאָרהענגלעך |

175 אין אינהאַלט דאָס ליד „מיט וועבער־יידן” ז, 127 איז געדרוקט אויף זייט 90 א. נ. „מיין טאטע”

175 „ „ דאָס ליד „דער צאָרן אין מיין אויג” אנשטאַט זייט 128 דאַרף זיין 127